מיין יונג-געשטאָרבען ליב-האַרציגע

בעאַטי

צום אָנדענקען.

# טרוימער.

(צו דער פסיכאָלאָגיע פון דער יודישער געשיכטע.)

## עטליכע ווערטער שטאָטס אַ פאָררעדע.

מיט שלום עליכם'ן האָט די יודישע ליטעראַטור בעקומען איהר ערשטען קלאַסיקער. בשעת אַלע ביכער, אויסער זיינע, האָבען דערוויייל נור דערגרייכט ביז צו דעם צייטמעסיגען יוד ד. ה. ביז צו דער אַרט און פאָרם, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס זיין בעזונדערע נאַציאָנאַלע אייגענאַרט, האָט אָבער שלום-עליכם אין דער זעלבער צייט געגעבען דאָס אייביג-מענשליכע אין דעם נאַציאָנאַלען. שלום-עליכם'ס פערזאָנען, ווי טיפיש-יודיש זיי זאָלען נישט זיין, אַלע מאָל פיהלט מען אין זיי אַ געוויסען סטאַבילען קערן — דעם אור-מענשליכען שטאָף ; וואָס איז נישט אונטערגעוואָרפען די פערוואַנדלונגען פון דער צייט. אין זיין גאַנצער אינערליכקייט בלייבט דער דאָזיגער קערן שטענדיג פערשווינט. די לוינען פון דער געשיכטע שאָדען איהם ווינציג. ענטוויקלונגען און צייטען געהען איבער איהם אַריבער ווי אָרקאַנען איבער די אָפגרונדען פון אָקעאַן. אין די אָפגרונדען אָבער, אונטער די געשיכטליכע עפּאָכעס, רוהט בעהאַלטען דער אייביג-אונפערענדערליכער „אור-שטאָף" פון דער מענשליכער זעעל.

דאָס פֿערבלייבען פֿון קלאַסיקער הענגט נישט שטענדיג אָפּ פֿון דער מאָס פֿון אַרטיסטישען אויסדרוק. פֿיל מעהר ווענדט זיך עס אין דעם, אויב זייערע שאַפֿונגען וועלען אויך וואָהר זיין פֿאַר די צוקונפֿטיגע געשלעכטער. קלאַסיקער ווייסען אַרויסצובעקומען די יעניגע טענער וואָס שטאַרבען נישט אָפּ אויפֿ'ן וועג, פֿערהילכען נישט ביי אַ געוויסער אומווענדונג, נור קענען פֿריש אויפֿקלינגען אין יעדען מאָמענט פֿון היסטאָרישען קרייז-לויף. דעריבער דערקענען מיר זיך ביי זיי אויך אין דעם געפֿיהל פֿון אַנטיקען מענשען, אין זיין טראַגעדיע קאָן אויך אונזער איינער ליידען, אין זיין געזאַנג קענען אויך מיר מיטגעריסען ווערען.

דער קלאַסיקער איז דער דיכטער פֿון אייביג-מענשליכען. דעריבער קען ער פֿערבלייבען. געוויס זענען ס'רוב פֿון די דאָזיגע איינציגע אויך מייסטער פֿון דער פֿאָרם. סוף כל סוף איז דער סטיל דער טיפֿסטער אויסדרוק פֿון מענשליכען עמפּינדען. דאָך אָבער פֿערמאָגען מיר אויך קלאַסיקער וואָס די מעגליכקייט פֿון געשטאַלטען האָט נישט שטענדיג ביי זיי דערגרייכט די הויך פֿון זייערע שעפּפֿערישע פּאָטענצען. דאָס זענען די מייסטער מיט דעם דעפֿעקט פֿון „ערל שפתים״. אָט די לעצטע לאָזען אונז איבער גיכער דאָקומענטען פֿון קלאַסישער קונסט, איידער ריינע קלאַסישע קונסט. דאָך אָבער מוזען מיר מיט זייערע אַלע חסרונות אויך די „שטאַמעלדיגע״ מיטנעהמען. אויך זיי געהערען צו די בוי-שטיינער פֿון דער איין-און איינציגער פּיראַמידע, וואָס די אייביגקייט האָט דעם אויסדערוועהלטען געשלעכט פֿון די מענשען ערלויבט אויפֿצושטעלען נעבען זיך אַלס אַ נישט-אונטערגעהענדיגען זכר. דאָרט פֿרעסט נישט דער צאָהן פֿון דער צייט. דער דאָזיקער דענקמאָל בעהאַלט נישט בלויז די געשיכטליכע ערשיינונגען פֿון לעבען, ער בעהאַלט — און דאָס איז דאָס וויכטיגסטע — די צאַפּעלדיגע וואַרימקייט פֿון לעבען און אויך דאָס מיסטעריום פֿון לעבען.

ערשט מיט דער אידעע (אין קינסטלערישען זין) איז געבוירען געוואָרען דער מענש. די אידעע איז דער מבוא פֿון דער היסטאָריע.

ער, דער קלאַסיקער בעהאַלט די א י ד ע ע פֿונ'ם לעבען. שלום־עליכם געהער צו די „שטאַמעלדיגע". ווייט נישט קיין מייסטער פֿון דער קינסטלערישער פלאַסטיק, איז איהם דאָך דער ערשטער אין אונזער ליטעראַטור געלונגען צו געבען דאָס געשיכטליך־פסיכישע אין דער יודישער ווירקליכקייט. פֿון מנחם מענדיל און טביה דער מילכיגער, די הויפט־טרעגער פֿון זיינע שילדערונגען, ביז צו די אַלע הונדערטער פערזאָנען אין זיינע ווערק — אין זיי אַלע קלאַפט דער שלאָג־אָדער פֿון דעם יודישען כאַראַקטער; דאָס ט ר ו י מ ע ר י ש ע, און ווי עס רעאַגירט מיט נאַאיוועַר אונבעהאָלפענקייט אויף דער ווירקליכקייט.

I

דער דאָזיגער גרונד־שטריך, דאָס טרוימערישע, איז אייגענטליך דאָס וועזענטליכסטע אין דער וועלט־אָנשויאונג פֿון דער יודישער ראַסע. פֿערזעהענדיג די פֿעסטע קאָנקרעטקייטען פֿון דער רעאַליטעט האָט זי שטענדיג אַפּערגעהויבען די אַבסטראַקטע רעליגיאָזיטעט. די היידנישע געטער האָבען אָנגענומען קערפּערליכע פֿאָרמען, דאָס איז געלעגען אין דער נאַטור פֿון זייערע פֿעלקער. די היידען האָבען אין דער וועלט אַליין געפֿונען דעם איידעלסטען ווילען פֿון דער שאַפֿונג; זי איז ביי זיי דעריבער געוואָרען צו'ן אַ גאָט. ביים יודישען פֿאָלק אָבער, זינט עס האָט נור אָנגעהויבען אַרויסצודערען פֿון דער סעמיטישער נאַציאָנען־משפחה, האָבען זיך ווי דורך אַ וואונדער די יונגע געטער — זעלבסט בערוישט פֿון אייגענעם פֿריהלינג — פֿאַר דעם דאָזיגען פֿאָלק בעהאַלטען אין וואָלקען. עס האָט נישט געזעהען דעם ווילען פֿון דער וועלט אין איהרע ווירקליכקייטען. די וועלט איז נור געוועזען אַן'אונגעהויערע מויער וואָס האָט „עפּעס" פֿערשטעלט. די געטער וואָס שטעהען אויף דער דאָזיגער מויער אין זייער נאַקעטקייט, זיי זענען נישט די ריכטיגע. דאָס וועלט־געהיימניש ליגט ערגיץ־וואו ווייט פֿערהוילען, אויסער דער

וועלט.

דאַן איז אין דער נשמה פֿון דעם דאָזיגען פֿאָלק אויפֿגעגאַנגען דער טרוים.

דורך אייביג אינערליכער אונרוהיגקייט האָט עס קיינמאָל נישט געקאָנט אַרויפֿטרעפֿען אויפֿ'ן וועג פֿון די ג ע פֿ י נ ע ר. דאָרט אויף יענעם וועג זענען געגאַנגען די היידען, אין זייער פֿרייד, אין דעם רויש פֿון לעבענס-פֿולקייט. אין זייערע הענד האָבען זיי געטראָגען די וועלט-געטער. די וועלט איז זייער היים. דאָס לעבען איז זיין אייגענער אינהאַלט. אַפּאָלאָן און דיאָניזאָס פֿיהרען אָן דעם דאָזיגען עקסטאַטישען טאַנץ. אָט ערשט זענען זיי אַרויסגעשטיגען פֿון מעער-שוים, קיהל און נאַקעט ווי ער. די יודישע ראַסע איז געשטאַנען פֿון דערווייטענס ווי פֿרעמדע צוקוקער. זי האָט נישט אָנטייל גענומען אין דעם דאָזיגען ליעבעס-יום-טוב פֿון וועלט, געטער און מענשען. דורך אינערליכע פּסיכאָלאָגישע נויטווענדיגקייטען האָט זי עס נישט געקאָנט. איהר איז נישט געגעבען געוואָרען דאָס רוהיגע געוויסען פֿון די געפֿינער. זי האָט געהאַט די צעריסענע נשמה פֿון די ז ו כ ע ר. דאָס זענען געוועזען די עלעמענטאַרע פֿונדאַמענטען פֿון איהר וועזען. איהר וועג, איהר שאַפֿען, איהר אייביגע טראַגעדיע.

געטער. וואָס האָבען איהר געקאָנט געבען די געטער, ווען זי האָט אין זיי נישט בעגלויבט? נישט געקאָנט גלויבען. אין די ווירקליכ-קייטען האָט זי נישט געפֿונען די אויסלעזונג. די ווירקליכקייטען האָבען זי (די אויסלעזונג) נור פֿערשטעלט. די היידען האָבען דאָס לעבען אַזוי פֿערהערליכט, אַז זיי האָבען נישט געקאָנט בעגריי-פֿען ווי אזוי דאָס קאָן אַ מאָל אויפֿהערען. פֿון גרויס צוגעבונדענ-קייט דערצו האָבען זיי בעשאַפֿען דאָס לעבען נאָכ'ן טויט. די ער-שטע יודען האָבען נישט געגלויבט אין דעם לעבען נאָכ'ן טויט. דאָס ווירקליכע לעבען איז נור אַ פֿערבלענדעניש. זיי האָבען גע-גלויבט אין „עפּעס" וואָס שטעהט הינטער דעם לעבען.

וואָס שטעהט דאָרט הינטער דעם לעבען? די געשיכטע פֿון רע-ליגיעזען יודישען געדאַנק איז אַנ'אייביג בלאָנזשעניש צו דעם

דאָזיגען. עס מאַטערט זיך אין די צרות פון אַ זוכען אָהן אַ קאָנקרעט געפינען, עס שטרעקט אויס די הענד דערנאָך ווי צו שאָטען-בילדער, וואָס צעריינען ווי באַלד נאָר מען גענעהנט זיך צו זיי. דאָס געהיימניספולע „עפעס" — דער אייגענטליכער גאָט פון די יודען — עס מאַכט פול די פאָלקס-נשמה ווי אַנ'אונגעשטילטער וועה. זיין נאָמען איז פערהוילען, זיין אָלימפ איז אונבעקאַנט. ווען אַנדערע פעלקער האָבען די הענד זייערע צוגעריהרט צו דעם קיהלען מאַרמאָר-פלייש פון זייערע געטער, ווען אויך צו דעם מאָדערנעם קריסטענטום האָט גאָט געמוזט אַראָפשיקען זיין זוהן. און אָט דער צו מענש-געוואָרענער גאָט האָט געמוזט פאַר זיי רייפען אין דעם לייב פון אַ יונגפרוי, און דאַן צווישען זיי אַרומוואַנדערען ווי אַנ'אייגענער. די יודען האָבען זייער גאָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען. דאָס איז ביי זיי אייגענטליך דאָס כאַראַקטעריסטישע. זיי האָבען געהאָפט אויף משיח'ן, אין זייערע האָפנונגען געבלוטיגט און געליטען. קומט ער אָבער, זענען זיי די ערשטע וואָס ווענדען זיך אָפ פון איהם און וואַרפען איהם נאָך שטיינער. ס'איז אַ פאַלשער משיח. דער געטרוימטער משיח, דער וואָס געהט און געהט און קומט קיינמאָל נישט אָן, ער איז דער אמת'ער. דער טרוים הינטער דער ווירקליכקייט, ער איז דער וואָהרער. אין דער בענקשאַפט ליגט די אויסלעזונג. ווערט זי ווען עס איז צו פלייש, דאַן ווערט זי פראָפאַן. אַלע משיחים וואָס זענען ווען עס איז אַמאָל אָנגעקומען צו יודען זענען פאַלשע. דער אמת'ער און ריכטיגער איז דער דאָזיגער, דער אונבעקאַנטער, דער וואָס זיצט ערגיץ-וואו מיט שווערע קייטען אויף די פיס. ער קען נישט קומען, ער קען נישט פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ט ווערען.

וואו נור ס'האָבען ערגיץ-ווען אָנגעהויבען אַרויס-צו-דעמערען וועלכע עס איז לענדער פון ווירקליכקייטען האָט עס אָפגעשראָקען דאָס פאָלק פון די טרוימער, דאָס בעלאָדענע מיט געהיימניספולער וועלט-בריחה. פאַר די היידען איז די וועלט געוועזן בעגאָסען מיט אַ זוניגען פרילינגס-טאָג, פאַר די יודען איז זי געלעגען אין אַנ'אייביג פינסטערער נאַכט. אַ טיף און הייליג אונרוהיגקייט האָט

זיי געטריבען דורך די דאָזיגע נאַכט אָהן אַנ'אויסוועג. זי האָט נור בעלויכטען דער שטערען אין זייערע טרוימען. זייער קעניגרייך איז נישט דאָס פֿון דער ערד.

מיט דעם קאָן מען אויך דערקלערען די רעוואָלוציאָנערע און אַנאַרכיסטישע עלעמענטען אין יודישען וועזען. שטאַאַטליכקייט און סטאַבילע שטאַאַטליכע אָרדנונג, דאָס זענען אוננאַטירליכע פֿון דרויסען אָנגענומענע שטריכען אינ'ם יודישען כאַראַקטער. אַ היים זיך בויען און בירגער ווערען קענען נור די דאָזיגע וואָס זענען דאָ אינערליך צופֿרידען און מיינען זיך איינצואָרדענען אויף שטענדיג. אַנדערש אָבער בעציהען זיך צו'ן אַ זעלכענע „פֿעסטע שטיבער" די יעניגע וואָס פֿיהלען נאָך לגמרי נישט קיין באָדען אונטער די פֿיס. זיי זענען דאָס די נאָמאַדען, די וועלט-פֿרעמדע. אַ געוואַלדיגע גייסטיגע נערוועזיטעט ציטערט אַדורך זייער גאַנצע וועלט-אַנשויאונג. זיי קענען זיך אין ערגעץ נישט פֿעסטזעצען, זיי קענען זיך אין ערגעץ נישט גליקליך פֿיהלען. ווען ביי אַנדערע פֿעלקער פֿערנעהמט די שטאַאַטליכקייט כמעט דעם הויפט-מאָטיוו פֿון זייער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ביי יודען איז זי נור געווען אַ קורצער, צומאָל נישט געלונגענער פּריוו אין אַ פֿיל טויזענד-יאָהריגער געשיכטע. אויך דאַן ווען מיר זענען געזעסען ביי זיך אויפֿ'ן לאַנד זענען די נביאים געווען די געפֿעהרליכסטע אונטער-גראָבער פֿון אונזער שטאַאַטליכקייט. און דאָס אויך האָבען יודען קיינמאָל נישט געפֿיהרט קיין פּראָפּאַן-נאַציאָנאַלע מלחמות; שטענ-דיג האָבען זיי געטראָגען אַ דורכאויס רעליגיעזען און אידעען-כאַראַקטער.

ווען מיר ריידען וועגען אַ וועלטליכע ליטעראַטור ביי יודען, איז זי פֿאַר אונז אַ גאַנץ נייער בעגריף. לויט אונזער כאַראַקטער האָ-בען מיר שטענדיג געשאַפֿען גייסטליכע ליטעראַטור. מיר זענען געווען די שריפֿטשטעלער פֿון הייליגע ספרים. מיר האָבען אויפֿגעהוי-בען אונזערע אויגען בלויז צו אידעאַלע טרוימען, אויף דעם אָרימען אַלטעגליכען טאָג האָבען מיר נישט געקוקט. אין דעם דאָזיגען פֿערגענגליכען פּרוזדור — צי זענען מיר דען אַנדערש ווי איי-

לענדיגע וואַנדערער, וואָס שטעהען מיט'ן געפּעק אין די האַנד, אום
ווייטער זיך צו לאָזען אין דעם אונבעקאַנטען? וואָס איז דען
אונזער ווירקליכקייט, אין וועלכער מיר ווילען זיך לגמרי נישט
פעסטזעצען!

דעריבער האָט דער טאָג — די אייגענטליכע „יוּדישע גאַס" —
קיינמאָל אויף זיך נישט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון יודי-
שען דיכטער. ער (דער יודישער דיכטער) איז געווען דער הימעל-
מענש, דער רעליגיעזער זינגער.

ערשט די לעצטע הונדערט יאָהר, זינט די איבערקעהרענישען אין
גאַנץ איירָאפּאַ, איז אויך דאָס יודישע שאַפען אונווילקירליך מיט-
געריסען געוואָרען. אומעטום האָט מען גערופען: פרייהייט,
אַ וועק מיט'ן מיטעל-אַלטער. אונזערע פריי-גייסטער האָבען געגלויבט
אַז אויך די יודישע טרוימען זענען בלויז אַ לאַסט; מ'מוז זיי
אָפּשאָקלען און פריי אָפּאָטעמען. זיי זענען געלאָפען פון דעם
געטאָ ווי פון אַ תפיסה. זיי האָבען זיך מיט אַלע כחות געוואָלט
גלייך-שטעלען מיט די נישט יודישע פעלקער. דערביי האָבען זיי
איגנאָרירט אַסך וועזענטליכעס פון דער יודישער פאָלקס-פסי-
כאָלאָגיע.

די הייליגע ספרים — דאָס איז פינסטערקייט, אונבעהאָלפענקייט
צו לעבען, וועלט-בריחה. ווי די דאָזיגע אונרוהיגע וועלט-בריחה
וואָלט נישט געווען דער הויפּט-פונדאַמענט, אויף וועלכען ס'זענען
געבויט די העררליכסטע יודישע רייכטימער.

די דאָזיגע שריפטשטעלערישע פ ר י י - ג י י ס ט ע ר האָבען אָנגע-
הויבען צו לעגען די ערשטע שטיינער פאַר אַ פראָפאַנע ליטעראַ-
טור ביי יודען.

ס'איז נישט דאָ דאָס אָרט ברייטער צו רעדען וועגען דער געשיכ-
טע פון דער נייער יודישער ליטעראַטור. געגוג איז צו דערמאָהנען
מיט וואָסערע פערעקשנ'טקייט זי האָט זיך אַקעגען-געשטעלט דעם
טראַדיציאָנעלען יודישען שאַפען. די ערשטע משכילישע עפּאָכע,
דער משכילישער ראָמאַן, דאָס זענען אייגענטליך געווען פּראָטעסט-
ווערק. מ'האָט מיט גוי'אישע אויגען געקוקט אויפ'ן יודישען לע-

בען, פון גוי׳אישען שטאַנדפונקט עס פערניינט. פון היידנישען אָלימפּ אויס קאָן מען בשום אופן נישט זעהען די הימלען, אין וועלכע עס וואָהנט דער אונבעקאַנטער יודישער גאָט. פאַר וואַכע־דיגע איז שווער דאָס טרוימען.

אַזוי איז אין משך פון עטליכע יאָהר די דאַמאָלדיגע אַרבייט פערגעסען געוואָרען. די השכלה־ליטעראַטור האָט נישט געקאָנט אויפ־ווייזען קיין איין איינציג בוך, וואָס האָט וועלכען עס איז בעדייטענדען ווערט. אונטער דעם גאַנצען רייכטום, מיט וועלכען זי האָט געגלויבט די יודישע יוגענד צו בעשענקען, האָט געשטעקט די טרויעריגסטע אָרימקייט. יענע שריפטשטעלער, אַנטלויפענדיג פון דעם „אין שלאָף פערזונקענעם יודענטום", האָבען זיך לגמרי אָפּ־געריסען פון די וויכטיגסטע עלעמענטען אין יודישען וועזען. זיי זענען געווען די פּ ר ע מ ד ס ט ע אין דער יודישער וועלט. אין זייער נאַאיווען ענטוזיאַזם פאַר די היידניש־אַרישע ווערטען האָבען זיי די נשמה פון אייגענעם פאָלק אויפגעהערט צו פערשטעהן. וואָס האָבען דען אונז געקאָנט געבען יענע קינדישע אַנטלויפער?

דעריבער האָבען מיר זיי פערגעסען. און מיט רעכט. צוריק געהן אָבער צום בלויזען שאַפען פון הייליגע ביכער האָבען מיר שוין נישט געקאָנט. אויפהערענדיג צו זיין פערמויערט אין דעם געטאָ, ווי אין אַנ׳אינזעל אויף דער גרויסער וועלט, האָבען מיר זיך שוין נישט געקאָנט מעהר אָפּגעבען דעם בלויזען ספּעקולאַטיווען טרוי־מען. מיר זענען מיט אַ מאָל אַריינגעקומען אין דעם גרויסען וועלט־ים. און זיינע מעכטיגע פאַליעס וואָלטען אונז פערשלונגען, וואָלטען מיר נישט בעוויזען צו האָבען פערשטענדעניש פאַר דער ברויזענדער אויפגעוויגטער ווירקליכקייט. איך זאָג דאָ נישט, אַז דאָס יודישע שאַפען האָט דאַן אָנגעהויבען זיך אינערליך צו אַסי־מילירען אין דער אַלגעמיינער אייראָפּעאישער קולטור. דערצו איז די פּסיכילאָגישע ריכטונג פון דער יודישער געשיכטע צופיל אַנ׳אַנ־דערע. דאָך אָבער האָט זיך דאַן אויך אָנגעהויבען פאַר דער יודי־שער ווירקליכקייט, נאָך אַ סך הונדערטער יאָהרען, די ערשטע רע־נעסאַנס־עפּאָכע.

די רעליגיעזע ספּעקולאַציע האָט זיך ווייניגסטענס אין דער פֿאָרם
שוין געהאַט איבערגעלעבט. דער ווילען פֿון אַ געשיכטע, ווי פּלאַנ-
זיכער ער זאָל נישט זיין, בלייבט ער נישט קאָנסטאַנט אין זיין
פֿאָרם. דאָס וואָלט געווען דער בעסטער סימן פֿון זיין אָפּגעשטאָר-
בענקייט. לעבען איז שאַפֿען. אין איטליכער לעבעדיגער
פֿאָרם דרימעלט שוין אַ צווייטע.
אַ קאָנסטאַנץ-מעסיגע געשיכטע איז אייגענטליך אַ נאָנסענס, ס'איז
די געשיכטע פֿון מומיעס, די געשיכטע פֿון טויטע.
אויך דאָס יודענטום האָט נישט געקאָנט בלייבען אונעמפּינדליך
צו די נייע בעדינגונגען. די ערשטע און ווירקליכע רעאַקציע איז
געווען דאָס חסידות. אמת, זי האָט נור אויפֿגערודערט די אַלטע
פֿאָרם, אָבער דאָס וויכטיגסטע איז געווען וואָס זי האָט זיך גע-
וואָנדען פֿון יודישען בוך צום יודישען לעבען. זי האָט נישט —
ווי די ביז איצטיגע רעליגיעזע ענטוויקלונג — געפֿונען דאָס איי-
דעלסטע פֿון יודענטום בלויז אין דער הייליגער שריפֿט-געלעהרט-
קייט. די דאָזיגע שריפֿט-געלעהרטקייט איז געווען אַ פֿעסטונג פֿאַר
דער יודישער נשמה אין די צייטען פֿון מיטעל-אַלטערליכע רדיפֿות.
די פֿעסטונג אָבער האָט זיך געמוזט עפֿענען בעת דער שונא איז
אין אַ געוויסער הינזיכט אָפּגעטרעטען. דורך דער דאָזיגער לאַנגער
עפּאָכע איז שוין אייגענטליך געוואָרען אַ תהום צווישען דעם יודי-
שען ספר און דעם יודישען פֿאָלק. דער יודישער ספר איז שוין
צו וויית געהאַט געגאַנגען זיין אייגענעם וועג און אונבעמערקט
פֿאַר זיך אַליין האָט ער זיך דערווייטערט פֿון דעם פֿאָלק פֿון די
טרוימער. ער האָט זיך ווי אַ זייד-וואָרים פֿערפּלאָנטערט אין איי-
גענעם געשפּין און דורך דעם פֿערלוירען דעם קאָנטאַקט מיט דער
לעבעדיגער יודישער געשיכטע. דער קערן איז שוין אייגעטרוקענט
געוואָרען אין די פֿיל קליפּות. דאָס חסידות איז געקומען. עס
האָט צוריק געזוכט דעם וועג צום פֿאָלק פֿון די יודען. וויפֿיל זי
זעלבער זאָל נישט האָבען פֿערטרעטען די אויפֿפּאַסונג, אַז נאָר
אין הייליגען וואָרט ליגט דאָס וועזענטליכסטע פֿון יודענטום, האָט
זי דאָך נישט פֿערגעסען, אַז דאָס יודישע פֿאָלק און די יודישע

ווירקליכקייט זענען די אינערליכסטע טרעגער פון אָט דעם וואָרט
און וועזען. דאָס חסידות האָט פערניינט — און מיט רעכט — דאָס
דאָזיגע ספר, וואָס האָט אויפגעהערט צו ציהען זיין חיונה פון דעם
לעבעדיגען יודישען מיסטעריום.

דאָס חסידות אָבער מיט איהר גאַנצע פּאָעזיע איז נאָך נישט געווען דער אייגענטליכער רענעסאַנס פון דער יודישער ווירקליכקייט.
זי איז ערשט געוועזען זיין מאָרגען-שטערען, דער עטאַפּ.
זי איז עס נישט געווען דעריבער, ווייל זי האָט נישט בעוויזען זיך
צו צו פּאַסען צו די נייע בעדינגונגען פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג. אמת, זי האָט זיך אָפּגעווענדט פון טרוקענעם אות צום
לעבעדיגען יודען, דאָך אָבער האָט זי איהם נור געקאָנט איינהאַלטען ביי זיך, נישט מיט איהם מיטגעהן. זי איז ווי אַן׳אַלטער
בוים איינגעוואָרצעלט געווען אין איהר עפּאָכע, און האָט זיך געמוזט ברעכען, ווען די עפּאָכע איז נישט געבליבען קאָנסטאַנט.

מיהזאָס, פאַמעליך און קוים האָט זיך דער רענעסאַנס פון דער יודישער ווירקליכקייט אָנגעהויבען אַרויסצוצייכענען פונ׳ם לאַבירינט
פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג. דער יודישער שבת, זיינע
טרוימערייען האָבען פערטונקעלט דעם טאָג פון דער וואָך. ערשט
אים שבת ווערען מיר צו בני-מלכים, די וואָך פערצויבערט אונז
אין הינד. אין דער וואָך שטאַרבט אָפּ דאָס יודענטום. דאָס איז
געווען די ביז אַהערדיגע ריכטונג אין אונזער גייסטיגען וועזען.
דעריבער האָבען מיר זיך, אין דער אייגענאַרטיגקייט פון אונזער
קולטור, מיט אַלע כחות נור געהאַלטען ביי דעם דאָזיגען סימבאָל
פון „שבת". פאַר דער „וואָך" האָבען מיר מורא געהאַט, אין דער
וואָך האָבען מיר געזעהען דאָס אינהאַלטסלאָזיגקייט פון יודענטום,
אין דער וואָך וועלען מיר זיך פערלירען —

ערשט זי, די נייע יודישע ליטעראַטור, האָט אָנגעהויבען צו פּריזוען אַ נייעם וועג. אויף איהר אופן איינעם פון די אייגענאַרטיגסטע אין דער לאַנגער יודישער געשיכטע. זי האָט אָנגעהויבען
צו זוכען דאָס טרוימערישע אויך אין דער וואָך. זי האָט אָנגעהוי-

בען טיפער אַריינצודרינגען אין דער יודישער ווירקליכקייט:
עס איז זעהר אינטערעסאַנט צו בעמערקען ווי שווער עס זענען געווען — און ס'זענען נאָך — די וועהען פון דער דאָזיגער אָריגינע-לער ווידער-געבורט. פון איהרע ערשטע התחלות האָט מען געקאָנט בעקומען דעם איינדרוק, אַז אָנשטאָט צו געהן צום ציל, דערוויי-טערט זי זיך נור פון איהם. עס זענען געווען צייטען — און זיי זענען נאָך איצט — ווען מ'האָט געקענט גלויבען, אַז די נייע-וועלטליכע יודישע ליטעראַטור רייסט אפשר איבער קעגען איהר אייגענעם ווילען דעם אַלטען פאָדים — די טרוימערישע וועלט-בריחה — וואָס האָט ווי אַ גאָלדענער ליכט-שטראַהל אַדורך געצויגען אַלע גייסטיגע עפּאָכעס אין אונזער געשיכטע.
די יודישע ליטעראַטור (אין איהרע ערשטע נסיונות) האָט געוואָלט זוכען דעם וועג צו אייראָפּאַ. זי איז מיד געוואָרען פון די רעלי-גיעזע לופט-שלעסער, מיט וועלכע דאָס בוך האָט זיך ביז אַהער אָפּגעגעבען. זי האָט געזעהען אַ תהום צווישען דער נשמה וואָס שטייגט אויף פון דעם בוך און פון דער דאָזיגער וואָס אָטעמט אין דער ווירקליכקייט. פון יענער — דער אונבעהאָלפּענער, וועלט-פרעמדער — האָט זי זיך אָפּגעוואָנדען. מיט אַלע מיטלען האָט זי געזוכט אַרויפצוקומען אויף דעם וועג פון די גע‎פונער. זי האָט געוואָלט די ריכטונג פון די אַרישע ליטעראַטורען, אַוועק קוקענדיג פון דער אָפּגעזונדערטער פסיכאָלאָגיע פון דער יודישער געשיכטע, נעמליך: דאָס טרוימערישע.
זי האָט געגלויבט: נור די הייליגע ספרים שפּינען פאַר אונז יענע טרוימען און כימערישע וויזיעס, וואָס רייסען אונז אָפּ פון לעבען און מאַכען אונז פאַר וועלט-אַנטלויפער. נור די הייליגע ספרים האַלטען אונזערע אויגען געוואָנדען צום הימעל. דעריבער שטרויכ-לען זיך אונזערע טריט אויף דער ערד. אונזער ווירקליכקייט — ווי זי איז — איז גלייך צו דער ווירקליכקייט פון אַנדערע פעל-קער. זי מוזען מיר אויסבויען, אין איהר וועלען מיר געהיילט ווערען.
מיר וועלען אַראָפּנידערן פון שווערמערישען הימעל צו דער

ערד. מיר װעלען אױפהערען דעם אונבעהאָלפּענעם היסטאָרישען טעות — צו זײן עקסטאַטישע טרױמער — מיר װעלען צוריק װע־רען װעלט־בירגער.

די יודישע ליטעראַטור (אין איהרע התחלות און נאָך איצט) האָט געװאָלט צוריק געפּונען דעם װ ע ג צ ו ד ע ר װ ע ל ט, װאָס דאָס יודישע פֿאָלק האָט אין זײן געשיכטליכען װאַנדערן פֿער־לױרען.

האָט זיך איהר דאָס אײנגעגעבען? האָט זי געטראָפען אױפ׳ן ריכ־טיגען צװעהטאָגטען אָרט?..

װאָלט זי מיט דער זעלבער פּערעקשנ׳טקײט, װי אין דער משכי־לישע עפּאָכע, זיך געהאַלטען אין דער ריכטונג, װאָס זי האָט זיך אַלײן אױסגעקליבען, װאָלט איהר געטראָפען דער זעלביגער גורל. דאָס קלאַסישע װאָלט זיך איהר ניט אײנגעגעבען. זי װאָלט פּער־בײגעגאַנגען דעם װעזען — דעם פּסיכישען אור־קערן — פון דער יודישער געשיכטע.

זי װאָלט װי אַ פרעמדער קערפּער אַרױסגעשטױסען געװאָרען פון אונזער אינערליכקײט, װי איהר עלטערע שװעס־ער — די השכלה׳ישע.

די נײע יודישע ליטעראַטור אָבער האָט שױן אין זיך די זאַמען פון אַנ׳עכטער רענעסאַנס. זי האָט ג ע ב ל אָ נ ז ש ע ט, נישט פ ע ר ב ל אָ נ ז ש ע ט.

II

װי אַ געזונד זאַפטיג געפלאַנץ איז די נײע יודישע ליטעראַטור גע־זעסען אױפ׳ן לעבעדיגסטען מקור פון יודישען װעזען — אױפ׳ן פּאָלק. דעריבער האָט זי װילענדיג נישט װילענדיג געמוזט קומען אין קאָנטאַקט מיט׳ן געהײמניספולען געשיכטליכען פּאָדים; זי האָט געמוזט צוריקטרעפען צו דער פּסיכאָלאָגישער עכטקײט. דאָס װאַרעמע לעבען האָט פון אונטער אַלע דעקען אַרױס פולסירט־

דער טרוימערישער יודישער וואַנדערער האָט דעם קאָפּ אַפּער־געשטעקט פון צווישען די אַלע מחיצות, וואָס האָבען פאַר איהם פערשטעלט דעם וועג צום אונבעשטימטען. ער האָט ווייטער גע־האַפּטען זיין בליק צו זיין אונבעקאַנטען גאָט.

פון צווישען אַלע ווערק מיט טענדענצען צו וואָכעדיגען נאַטוראַליזם (כ׳מיין דאָס בעהאַנדלען דעם יודישען טיפּ ווי אַ פשוט׳ען וועלט־בירגער און פון דער אַרישער מענשען־אויפפאַסונג), אויף וועלכע מ׳האָט געוואָלט שטעלען די ריכטונג פון אַ ניי, פּראָפּאַן־נאַציאָנאַל בוך, פון דאָרט האָט ווידער אָנגעהויבען אַרויסצושלאָגען דער קוואַל פון עכט יודישען כאַראַקטער. מ׳האָט אָנגעהויבען צו בעמער־קען, אַז צווישען דעם אַלטען הייליגען ספר און דעם פשוט׳ען וואָכעדיגען לעבען איז דאָך פאַרהאַן אַן׳אינטימער באַנד. ער איז נישט בלויז אויסגעקלערט געוואָרען פון פינסטערע רבנישע קעפּ וואָס האָבען די יודישע ווירקליכקייט פערשקלאַפט און זי געמאַכט פאַר אַן׳עבד עבדים. דער ספר האָט טיפערע וואָרצלען אין דער גייסטיגער וועלט־אָנשויאונג פון אַ פאָלק.

דער ערשטער, וואָס האָט עס קינסטלעריש און אַם שטאַרקסטען דערפיהלט, איז געווען פרץ. ער איז אָבער צוריק געגאַנגען ביז׳ן האַלבען וועג. ער האָט בעמערקט די יודישע פאָלקס־לעגענדע. איך בעטאָן לעגענדע, ווייל זי פערטרעט ערשט די טרוימען פון דער ווירקליכקייט. נישט די ווירקליכקייט. אין פרצ׳ס חסידישע און פאָלקסטימליכע געשיכטען דריקט זיך אויס דאָס כאַראַקטעריסטיש־יודישע אינ׳ם צדיק, אינ׳ם רבי׳ן, אין דער עקסטאַטישער הייליגקייט. דאָס יודישע אַנטלויפט פון דער וואָך און בויט זיך אויס איהר פאַנטאַסטישען שבת („די גאָלדענע קייט”). אויך ער (פרץ) — ווי ער זאָל זיך נישט האָבען בעמיהט צוריק אויפצופאַנגען דעם פאָדים וואָס די ליטעראַטור איז געווען אין סכנה איהם צו פערלירען — אויך ער, זאָג איך, האָט קוים בעמערקט די טרוימען. זיי זענען די פעריל אויף אָפּגרונדען און ברעגעס פון ברויזענדע ימים. די ווירקליכע אור־קראַפט אָבער ליגט אין די ימים אַליין.

די רענעסאַנס, צו וועלכע פרץ רופט, איז די דאָזיגע פון חסידות, נישט מעהר זי איז נישט אַזוי פיל אָנגעבונדען אינ'ם בוך ווי יענע. די סימבאָלען ליגען נישט אין די הייליגע אותיות, זיי ליגען אין די הייליגע יודען. די הייליגע יודען זיי זענען נור פאראייני־זאַמטע געהיימניספולע ספינקסען איבער די וויסטע אונבעקאַנטקיי־טען פון דער יודישער ווירקליכקייט. די יודישע ווירקליכקייט אַליין, די יודישע אַלטעגליכקייט, אין איהר ליגט בעהאַלטען דאָס רויהע עלעמענט פון יודישען מיסטעריום. די איינצעלנע גרויסע פערזענ־ליכקייטען, די הייליגע ספרים, זיי טראָגען אויף זיך די לאַסט פון דער יודישער געשיכטע. זיי זענען איהרע ווערטער, איהרע געדאַנקען — זיי זענען די טרוימען. דאָס יודישע פאָלק — עס איז דער טרוימער.

דער דאָזיגער טרוימער האָט געוואַרט אויף זיין ליטעראַרישען רענעסאַנס.

און עס איז געקומען שלום-עליכם.

III

ווי איך האָב שוין אויבען בעמערקט, הויבט זיך אָן מיט שלום־עליכם'ן דער ערשטער פריוו פון קלאַסיציזם אין דער יודישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געזעהן דעם סטאַבילען קערן, דאָס יודישע אור-געשיכטליכע אין אונזער פשוט'ער ווירקליכקייט.

ביי שלום-עליכם'ן איז דער יידישער טרוימער נישט דאָס העכערע אינטעלעקט, נישט דער דיכטער, מיסטיקער, וועלט-בעניייער און הייליגער.

אויך דער טרוימער איז נישט עפעס אַנדערש ווי די גראָהע שמערבי־ליכקייט. דאָס איז אַ פּראָסט יודעל וואָס דרעהט זיך מיט'ן שטע־קען אויף דער גאַס און יאָגט זיך נאָך אַ שטיקעל ברויט. דער טיפּישסטער יודישסטער יוד: מנחם מענדיל כתריאליוווקער. דער

דאָזיגער מנחם מענדיל, ער שטרעקט אויס די הענד נאָך דער רעאַלער וועלט, ווי אַ קינד וואָס ליגט אין וויקעל-קישעלעך און גרייפּט נאָך אַלצדינג, וואָס עס זעהט. קיין זאַך איז פאַר איהם נישט אונמעגליך. ער איבערזעהט אַלע קאָנקרעטקייטען, ער איבערזעהט די געזעצען פון דרויסענדיגען לעבען און בעשפּינט זיך אַרום מיט דער אייגענער פאַנטאַזיע. מיט דער נאַאיווער אונבעהאָלפענקייט פון אַ וועלט-פרעמדען וואַרפט ער זיך אויף אַלעם מיט טרוימעריישען גלויבען. אַלץ דוכט זיך איהם איז לייכט צו בעצווינגען. איהם איז נישט געגעבען געוואָרען דאָס געפיהל אָפּצומעסטען די אמת'ע שווער-קראַפט פון דיווירקליכקייטען. ער לעבט און האָפט אין גאַנצען אין זיין אייגענער סוביעקטיווער וועלט, וואָס איז אויפגעשטיגען אויס זיין ספּעציפישען כאַראַקטער; אַ טרוימער. דעריבער האָט מנחם מענדיל נישט קיין גלייכגעוויכט. ווען ער האָפט, ערשיינט די וועלט פאַר איהם אין דעם פּראַכטפולסטען קלייד פון גליק. ער האַנדעלט מיט „לאָנדאָן", „האָס" און „בעס". צווישען איהם און די מיליאָנען איז קוים אַ קליינער שריט, ער ברויך נור די האַנד אויסצושטרעקען און זיי צו כאַפּען. האָט ער אומעטום דעם טרויעריגסטען אונערפאָלג, פון די גליקען לאָזט זיך אויס אַ בוידעם, ווערט אויך מנחם מענדיל ביי זיך נישט געפאַלען. ער כאַפּט זיך אָן אין אַ נייע כימערע, אין נייע גליקען. אַזוי ווערט ער פערשכור'ט פון אייגענעם פאַנטאַסטישען צויבער. ער דרעהט זיך אַרום צווישען זיינע גלויבונגען ווי אין אַ כשוף-ראָד. ער פיבערט אין זיי און זיי וואַרפען איהם צווישען זיך ווי אַ באַלעם. די גאַנצע ווירקליכקייט איז פאַר איהם אַ כאַאָס פון ליכטיגע שאָטענעס. ער בערוישט זיך מיט זיי און דאָס איז פאַר איהם גענוג.

אויב אין מנחם מענדלי'ן האָט שלום-עליכם געגעבען דאָס כאַראַקטעריסטיש-יודישע ווי עס בעוועגט זיך, ווי עס האַנדעלט און שאַפט אין זיין שטעלונג אין דער ווירקליכקייט, האָט ער אין רעם צווייטען פון זיינע הויפּט-פיגורען, אין טביה דעם מילכיגען, געגעבען אָט דאָס זעלביגע אין די שטילקייטען פון זיין אינערליכקייט. זיין וועלט-בעטראַכטונג און וועלט-אָנשויאונג. מנחם מענדיל און טביה, זיי

זענען גוף און נשמה ; מנחם מענדיל רעאַגירט אין דער וועלט, טביה—אויף דער וועלט. מנחם מענדיל איז דער טרוימער, טביה איז די בענקשאַפט הינטער דעם טרוים. מנחם מענדיל זוכט אין דער קאָנקרעטערווירקליכקייט, אַנ׳אַנדערע, די דאָזיגע פון זיינע פאָרשטעלענישען. ביי מנחם מענדלי׳ן איז עפיס ווי אַ זעקסטער חוש ענטוויקעלט, בעת צו די נאָרמאַלע פינף האָט ער כמעט ווי נישט קיין געפיהל. מיט דעם דאָזיגען חוש לענקט ער זיך אין דער וועלט. דעריבער איז ער פרעמד צו אַלע, און אַלע צו איהם.

טביה איז אָבער מנחם מענדיל אין די מינוטען, ווען ער איז מיט זיך. אָן דער זייט, אין זיך קוקט ער אויף דער וועלט. מנחם מענדיל שטרויכעלט זיך אין איהר ווי אַ בלינדער, ער דערלעבט ענטוישונגען, טביה — דער אור-טיפּ פון יודישען וועלט-בעשויער, זיין האַרץ בלוטיגט אין איהר. ער לעבט איבער איהר טראַגעדיע. אין דער גאַנצער קייט פון די טרויעריגסטע ענטוישונגען, וואָס פיי-לען אָן זיין לעבען, בלייבט טביה אין דער טראַגישסטער רוהיג-קייט פון אַנ׳עכט יודישען איוב, ער בלייבט דער עלעמענטאַרסטער בעטראַכטער. זיין אָפּטימיזם ריהרט אונז ביז די טיפענישען פון דער נשמה. אויב מנחם מענדיל אַלס וועלט-פרעמדער רעאַגירט מיט נאַאיווער אונבעהאָלפענקייט אויף דער ווירקליכקייט, איז טביה די טראַגיק פון אָט דער אונבעהאָלפענקייט.

איך צייכען אין קיצור אָן די דאָזיגע צוויי פיגורען. זיי זענען איי-גענטליך די הויפּט-פונדאַמענטען, אויף וועלכע ס׳איז געבויט שלום-עליכם׳ס וועלט-אָנשויאונג. די וועלט-אָנשויאונג פון דער יודישער פסיכיק. די אונגעהויערע מענגע פון טיפען וואָס ווימלען אין דער פאַרביגסטער בונטקייט אין זיינע ווערק, זיי זענען נישט מעהר ווי וואַריאַנטען צו אָט די פיגורען. זיי בילדען פאַר זיי אַטמאָספערע און פראָוואָצירען אַלע זייערע מעגליכקייטען. איך וויל דאָס לעצ-טע בשום אופן נישט אָנמערקען אַלס אַ חסרון אין שלום-עליכם׳ס שאַפען. די מענשען אונטער קלאַסישער געשטאַלטונג קומען צו ווייער עכטסטער עכטקייט, דאַן גלייכען זיי זיך. זיי דערגרייכען

דאָס קאָסמישע מ ע נ ש ע נ ט ו ם, דאָס אור-וועזען, אינ׳ם מענשליכסטען עלעמענט זענען גלייך אַלע פֿעלקער, אַלע געשלעכטער און אַלע צייטען.

נור ווי געזאָגט האָט שלום-עליכם בעוויזען צו געפֿינען דעם פּאָדים פֿון דער יודישער פּסיכאָלאָגיע, ווי ער שפּיגעלט זיך אָפּ אין דער געשיכטע. ווען מיר לייענען זיינע ווערק, דאַן טרעפֿען מיר אָן דעם קוואַל פֿון וועלכען אויס ס׳הויבט אָן צו ריזלען איינער פֿון די געוואַלטיגסטע שטראָמען פֿון מענשליכער ענטוויקלונג און דערקענטעניש. מיר געפֿינען זיך אויפֿ׳ן באָדען פֿון יודישען כאַראַקטער. פֿון דאָרט אויס קענען מיר זעהען אָט די אַלע אויסוויקסען פֿון דעם דאָזיגען כאַראַקטער, פֿון זיינע נידריגסטע ביז צו זיינע העכסטע מדרגות. מיר דערקענען איהם דאָרט, דעם אונבעהאָלפֿענעם טרוימער, אין זיין אַלטעגליכקייט. שלום-עליכם׳ס העלדען, זיי זענען אייגענטליך דאָס אורשפּרינגליכסטע מאַטעריאַל פֿון וועלכען אויס — ווען עס דערגרייכט העכערע פּאָטענצען — ס׳קענען אַרויסקומען דער נביא, דער גרינדער פֿון רעליגיאָנען, דער וועלטען-בויער און וועלטען-צושטערער. דער זוכער.

ביי שלום-עליכם׳ן הויבט זיך ס׳ערשטע מאָל אָן דער קינסטלערישער רענעסאַנס פֿון דער יודישער ווירקליכקייט.

---

# די וועלט אַ חלום.

שוין אין גאַנץ פריהען אַלטערטום האָט אָנגעהויבען אויפצוטויכען דער געדאַנק, אַז די ווירקליכקייטען נאַרען אונז אָפּ. די וועלט, אויף וועלכער מיר לעבען, גלויבען אַז מיר לעבען אויף איהר, איז אין דער אמת'ן נור אַ חלום, אַ שפּיל אין פערבלענדעניש. מיר זענען געפאַנגענע אין די שלייערען פון דער מאַיאַ, מיר זענען פערשכור'טע פון דעם ווייהרוך פון פאַנטאַזירענדע געטער. די דאָזיגע געטער בלעזלען אַרויס די ווירקליכקייטען פון זייער געהיימניספולען דאַזיין און נישט-דאַזיין. די געטער טרוימען זיך אויס וועלטען, וואָס עקזיסטירען נישט. די מענשען זענען אויך נור וועלטען-טרוימער. די וועלט איז מיין פאָרשטעלונג. זאָלען מיר דען לייקענען בלויז אין די געטער, ווען מיר מוזען אויך לייקענען אין די מענשען? די מענשליכע אַלטעגליכקייט, [מענשליך עמפינדען, דענקען, ליידען, פריידען, דאָס גאַנצע מענשליכע בעגרייפען דעם קאָסמאָס איז נישט מעהר ווי אַ בלויזע פאַטאַ-מאָרגאַנאַ, אַ שיין-בילד אין די וויסטענישען פון דעם אונבעקאַנטען.

פון שטענדיג אָן איז דאָס דאָזיגע געפיהל געוועזן די טראַגעדיע פון געדאַנק. די טראַגעדיע פונ'ם דענקען.

אָפּגעריסענע, פעראיינצעלטע אינדיווידוען, האָבען מיר זיך מיט אונזערע חושים געקלאַמערט אָן דער וועלט. אונזערע חושים זענען געוועזן די איינציגע וועגען אויף וועלכע מיר — די אַרויס-

פֿאַרבלאָנדזעטע פֿון כאַאָס — זענען צוריקגעגאַנגען צו איהם. מיר האָבען איהם (דעם כאַאָס) דורך זיי דערקענט. מיר האָבען געפֿיהלט זיכער, אַז די וועלט איז אַזוי ווי זי ווייזט זיך אונז, און דאָס דאָזיגע געפֿיהל האָט אונז בערוהיגט. האָבען מיר דאָך תמיד געלעבט ווי שוואַכע וואַנדערער איבער די אונענדליכקייטען פֿון דאָזיין, זענען מיר דאָך תמיד געגאַנגען איבער אָפּגרונדען און די חושים האָבען אונז געהאַלטען ביי די הענד און געוויזען דאָס ריכטיגע.

און פֿון שטענדיג אָן, ווען דער דאָזיגער גלויבען אין זיך אַליין, דער גלויבען אין אייגענעם דערקענען, הויבט אונז אָן היימישער צו מאַכען מיט דעם מיסטעריום פֿון דער וועלט, ווען מיר הויבען אָן צו דערשפּירען באָדען אונטער די פֿיס, דאַן קומט ער, דער דאָזיגער אונרחמנות׳דיגער ספק: די וועלט איז מיין פֿאָרשטעלונג. די עקזיסטענצען זענען כימערעס און מיר האָבען נישט די מינדסטע האָפֿנונג זיי אַמאָל צו קענען קאָנטראָלירען. אונזערע חושים זענען דיכטער, זיי זאָגען נישט דעם אמת. און דער אמת? וואָהרהייט, וואָרהייט, מיר זוכען דיך און דו עקזיסטירסט אין דעם גאָר-נישט.

דער דאָזיגער ספק איז די טראַגעדיע פֿון געדאַנק. דער געדאַנק פֿון פּאָזיטיווען איז דער פּערזיסער פֿון דער מענשליכער לעבענס-פֿרייד. די וועלט ווערט דאַן אונזער. מיר האָבען זי דאָך בעגריפֿען. דער צווייפֿעל אין דער וועלט, איז דער צווייפֿעל אין געדאַנק, אין געדאַנק אַלס דערקענונג פֿון זיך אַליין, אין געדאַנק אַלס אָביעקטיווער וועלט-דערקענער.

עס עקזיסטירט גאָר נישט אין דרויסען פֿון אונז. די וועלט איז אַ חלום. מיר נאַרען זיך אין איהר אָפּ. עס איז אַ גרויסער טרוים אין אונז אָט די אַלע ווירקליכקייטען. עס איז אַ טראַגישער טרוים. מיט אַ ביטערען שמייכעל לאָקט ער אונז צו. זיין וועזען איז דאָס לייד.

דער געדאַנק איז דאָס ליידען.

דער געדאַנק, אַז דאָס ליידען איז דאָס וועזען פֿון דער וועלט,

הויבט זיך אָן מיט דעם בעוואוסטזיין פֿון דער נישטיגקייט פֿון די עקזיסטענצען. מיר ליידען בשעת מיר געבוירען אין זיך די וועלטען. מיר בלוטיגען הינטער די פּראַכטפֿולע שלייערס פֿון די ערשיינונגען. מיר ליידען, דעריבער טרוימען מיר. מיר ווילען זיך פֿערגעסען אין דעם שאַפֿען. מיר טרינקען דעם כשוף־בעכער פֿון די געטער, ווייל מיר זענען די זינדיגע.

פֿאַר וואָס זענען מיר דען פֿערהאַן? צו וואָס ווערט די וועלט אונזער פֿאָרשטעלונג?

אין די מיטהען פֿון אַלטערטום — דער גרויסער אמת וועגען די מענשען — ווערט שוין געאַהנט וועגען אַ שולד.

וועגען אַ גרויסע שולד אין די מענשען, אַנ'אייביגע, אַ שרעקליכע שולד.

די דאָזיגע שולד איז פֿאַר אונז אַ סוד, אונזער הייליגסטער סוד, דער סוד פֿון אונזער דאָזיין. די דאָזיגע שולד איז אויך דאָס טיפֿסטע אין דער וועלט־נשמה.

אָט די געהיימניספֿולע שולד — דער סוד היצירה — נור זי רופֿט אונז אַרויס פֿון אונזער שלומער אין דעם גאָר־נישט. הינטער די ערשיינונגען ליגט דער גרויסער פֿראַגע־צייכען, דאָס מיסטעריום, דאָס וואָס איז נישט דאָ. ערשט די שולד טרייבט אונז אַרויס פֿון דער דאָזיגער וועלטלאָזיגקייט, ווי שטראָף אָפּקומענדיגע פֿערברעכער; אום פֿאַר עטוואָס צו בעצאָהלען וואָס איז ווי אַנ'אונאויסגעמעקטע זינד בעגאַנגען געוואָרען אין נישט עקזיסטירענדע אייביגקייטען — מוזען מיר, אין דרויסען פֿון זיי, צעריסען ווערען אין בעזונדערע וועזען. פֿאַר דער דאָזיגער שולד מוזען מיר זיך פֿלאָנטערן אין דער כשוף־נעץ פֿון די ערשייגונגען. מוזען מיר זיין וועלטען־טרוימער און וועלטען־בעשאַפֿער. מיר בעשאַפֿען זיך אַליין אין יענער אונזער זינד. ווערען מיר וואַהנזיניג און יאָגען נאָך שאָטענעס און דעם שאָטען פֿון שאָטענעס. שאָטענעס פֿון גלויבונגען, פֿון האָפֿנונגען, פֿון פֿריידען. אויף וואָס האָפֿען מיר דען? מיר, די האָפֿנונגלאָזסטע.

וועלטען, גליק פֿון יונגלטען, פֿרייד פֿון וועלטען. וואָס איז דאָס

אַלצדינג ? הוילער רויך. שוים. קראַנקע חלומות, אָפּגענאַרטע זע־הונגען. נור אין ליידען שטעקט דער אמת׳ער אמת. אין ליידען דערגעהען מיר צום תכלית — מיר ווערען געשטראָפט.
ערשט אין זיין טראַגישען מאָמענט ווערט דער מענש אויסגעלעזט.
אין דער טראַגעדיע צעלויפען זיך די שאָטענעס. דער גאַנצער רויש־טאַנץ ווערט איבערגעריסען. מיר וואַכען אויף פון דעם גרוי־סען כשוף און מיר דערקענען זיך אַלס די דאָזיגע, וואָס קענען זיך נישט דערקענען. מיר דערקענען זיך אַלס דעם גרויסען ליגען. מיר דערקענען זיך אַלס די ליידענדע.
אין די טראַגעדיע הויבט זיך אָן דער וועג צו דער וואָהרהייט, דער וועג צום גאָר־נישט.
אין דעריוגענד פון דער מענשליכער געשיכטע — אין יענע יאָהרהונדערטער, וואָס האָבען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען די קליידער פון ווירקליכקייט און זיי ערשיינען פאַר אונז האַלב אמת האַלב לעגענדע — שוין! אין יענע האַלב־פערשאָטענע יאָהרהונדערטער, ווען די געטער זענען נאָך נישט געוועזען אין גאַנצען אין הימעל און די מענשען נאָך נישט אין גאַנצען אויף דער ערד, אין יענע צייטען האָט אַנ׳אינדישער פרינץ פון דעם שבט פון די סאַקיער געוואָלט ציהען די קאָנסעקווענצען פון אָט דעם גרויסען ספק, דעם ספק אין דער וועלט. ער האָט פערלאָזט די פאַנטאַסטישע רייכטימער פון זיינע פאַלאַצען, זיין פרוי, זיין קינד. ער האָט אָנ־געטון דאָס גראָהע געוואַנד פון בראַהמאַנישע מתבודדים, האָט גענומען אַ בעטעל־שאָל אין די האַנד און איז אַוועק אין דער היימלאָזיגקייט. אייגענטליך, אין דער וועלטלאָזיגקייט. „די וועלט איז אַ כשוף־שלייער, אַ מאַיאַ, וואָס פערהילט די אויגען פון די שטערבליכע". אָט פון דעם כשוף־נעץ זיך אַרויסצובעקומען האָט דער דאָזיגער בודדאַ אָנגעהויבען צו זוכען אַ וועג.
צי איז פערהאַן דער וועג אַרויס פון דער וועלט? די פראַגע איז קאַרדינאַל. די גאַנצע רעליגיעזע בענקשאַפט פון די מענשען געהט דערויף צו געפונען דעם דאָזיגען וועג. די רעליגיע גלויבט צו זיין די היטערין פון דעם טויער, וואָס פיהרט אַרויס פון דער וועלט.

אין די הערצער פֿון די מענשען, יאָ, אין די הערצער פֿון גאַנ־צען געשלעכט, אין די הערצער פֿון דורות ברויזט עס, דאָס דאָזי־גע מערקווירדיגע געפֿיהל, דאָס געפֿיהל פֿון אַנטלויפֿען. וואו אַהין דען? די מענשען ווילען ערגיץ־וואו אַהין אין יענער זייט פֿון די ווירקליכקייטען. די ווירקליכקייטען זענען אונענדליך, זיי זענען שען, זיי זענען די מוטערס פֿון די ליידענשאַפֿטען. עס איז פֿערהאַן אָבער מאָמענטען ווען אונזער געשלעכט פֿערפֿעהלט אויס אָטעם. די מענשען ווילען אַרויס אַנטלויפֿען פֿון די אינ־ענדליכקייטען פֿונ׳ם קאָסמאָס, ערגיץ וואו אַהין אין אַנ׳אָפּ־גרונד.

בודדאַ איז אַרויסגעגאַנגען זוכען אָט דעם אָפּגרונד. עס איז נישט אמת די אַקסיאָמע פֿון די פּאָזיטיווע וויסענשאַפֿטען, אַז די וועלט האָט קיין סוף נישט. זי איז אָהן גרענעצען, אונענדליך. די רע־ליגיעזע אַהנונגען אין אונז ווייסען פֿון איהר גרענעץ. די וועלט לאָזט זיך ערגיץ־וואו אויס, און דאָרטען וואו עס לאָזען זיך אויס די ווירקליכקייטען, הויבען זיך אָן אָפּגרונדען. די ווירקליכקייטען אין זייער וועזען גופֿא האַלטען זיך איבער די דאָזיגע אָפּגרונדען, ווי בערג וואָס טראָגען אין זיך דעם קערן פֿון פֿונאַנדערפֿאַלען. די וועלט איז דאָס שפּיל איבער יענע תהומות פֿון גאָר־נישט. זי איז דער האָפֿנונגלאָזסטער טויטען־טאַנץ. אויף וואָס האָט דען צו האָ־פּען אַ וועלט, וואָס נור אַ קוק טיפֿער און זי פֿאַלט איין?

זעהען די וועלט, הייסט: צושטערען די וועלט.

בודדאַ שטעהט פֿאַר דער דאָזיגער מאַיאַ, ווי דער גרייז־גראָהער חכם. פֿול עַרפֿאַהרונג, פֿול לעבענס־קלוגקייט. אַ שמייכעל אָפּגע־קיהלט פֿון ליידען שפּילט אַרום זיינע לעפּצען בשעת ער זעהט עס צו. דער פֿערקלערטער בודדאַ. די וועלט איז די שקלאַפֿין פֿון איהרע ערשיינונגען. די ערשיינונגען — זיי זענען דער גיפֿט־בע־כער, וואָס ווערט דערלאַנגט דער שולד־בעלאָדענער וועלט כדי גע־שטראָפֿט צו ווערען. אמת, דער דאָזיגער כוס פֿון ביטערקייט איז וואונדער־שען, אָבער אום נאָך מעהר צו לאָקען די געפּייניגטע צו טרינקען פֿון זיין אינהאַלט. בודדאַ, אַלס צושויער פֿון דעם דאָ־

זיגען מאַרטער-צויבער, ווערט דער גרויסער מיטליידער. דער מיט-ליידער פֿון קאָסמאָס. אינ'ם שאַפֿען שטעקט נישט דער נצחון פֿון דער וועלט, דאָס שאַפֿען איז נישט דאָס געזאַנג פֿון איהר פֿרייד; אין שאַפֿען שטעקט איהר שאַנד, די שאַנד פֿון אונגעהויערע זינד. עס איז אַ חלום פֿון צום טויט פֿערמשפּט'ע. די וועלט מוז בעפֿרייט ווערען פֿון דעם פֿאַלשען חלום. בודדאַ דער אמת'ער, וואָס האָט דערפֿיהלט די וואָהרהייט, וועט זי בעפֿרייען. ער וועט זי וועקען און איהר ווייזען דעם תּוך פֿון דער טראַגעדיע.

ווי אַזוי אָבער ווערט די וועלט בעפֿרייט? מען מוז אויסזוכען דעם וועג, אויף וועלכען זי איז אַהער געקומען, דעם וועג, אויף וועלכען זי טראָגט איהר קרייץ. Via Dolorosa איהר. שאַפֿען הייסט דער וועג. די ערשיינונגען זענען ליידענס-טריט אין דער אייביג-קייט, זיי זענען וועה-אויסגעשרייען פֿון אַ מאַרטירערטום. וואו עס רייסט זיך אַרויס אַ געשטאַלט-געבענדעס, דאָרט האָט די שטראָף פֿון עפּעס-וואָס דערגרייכט צו נ'אַ גרויזאַמע מדרגה, בלוטיגט אַנ'-אונגעשטילטע וואונד אין דעם אונבעקאַנטען. אום בודדאַ דער אמת'ער זאָל ווערען דער בעפֿרייער, מוז ער זיך ווי אַ געטליכער טיטאַן אַ נידערשטעלען אין מיטען וועג און זאָגען: גענוג. דער שולדיגער מוז אויסגעלעזט ווערען, דער יחיד מוז צוריק געהן אין זיין גאָר-נישט. די וועלט מוז אויפֿסניי פֿערשוואונדען אין איהר אָפּגרונד.

אָבער נישט בלויז דאָס אינדיווידואום אַלס אָביעקטיווע ערשיינונג, נור אויך דאָס סוביעקטיווע, דאָס אַבסטראַקטע, די מענשליכע נשמה איז נישט אָפּגעריסען פֿון איהר מקור (פֿון דער וועלט אַלס פֿאָר-שטעלונג). אין די טיפֿקייטען (פֿון דער זעעל) אָטעמט מיט דער גרויזאַמסטער רוהיגקייט יענץ גאָר-נישט, דאָס גאָר-נישט, וואָס איז דער העכסטער אָלימפּ פֿון די געטער. אויך זי, די נשמה פֿונ'ם מענשען, מוז, כּדי דערלייזט צו ווערען, צוריק געהן אין איהר אָפּגרונד. נאָך מעהר ווי דער גאַנצער קאָסמאָס נויטיגט זיך דער מענש אין דער אויסלעזונג, בענקט ער נאָך איהר, און שטרעבט אויס זיינע הענד צו דעם גאָר-נישט. ווייל אויסער דעם,

וואָס דער מענש טראָגט אין זיך די שולד פון דעם וועלט-אַל, האָט ער נאָך אַ גרעסערע שולד, די שולד פון זיין וועזן, די שולד פון געדאַנק. דאָס געהיימניש פון יענע שולד מאַכט איהם פאַר קינסטלער. און עס הויבט זיינע אויגען אויף צו די ליידען פון די געטער, ער וויל זיין גלייך זיי, ליידען גלייך זיי. אין די ליידען פון די געטער פאַנגט אָן דער געדאַנק. אויך די געטער האָבען זייער טראַגעדיע, דעריבער עקזיסטירען זיי. אַ וועלט אָהן שולד וואָלט אויך קיין גאָט נישט געהאַט, און די זינד האָט אַרויס-געטריבען די געטער פון דעם גאָר-נישט.

אַלצדינג מוז דערלייזט ווערען, אַלצדינג מוז צוריק געהן אין זיין אָפּגרונד. געטער און מענשען. וואָס גרעסער דער געדאַנק, וואָס טיפער דער דראַנג צום שאַפען — גרעסער די שולד. בודדאַ וויל צוריק פיהרען די מענשען צו דער נירוואַנאַ, צו דער עקזיסטענצ-לאָזיגקייט, דעריבער איז ער זייער משיח. האָבען דען נישט אויך די געטער זייער משיח? בודדאַ איז דער משיח פון די מענשען, ער וויזט זיי דעם וועג צו זיך — צום גאָר-נישט.

דער מענש האָט זיין שולד. די גרעסטע שולד צווישען די מענשען האָט דער קינסטלער. דער מענש ווערט געהעצט צווישען ערשיי-נונגען, צווישען ליידענשאַפטען. דער מענש ווערט געשטראָפט צו זיין אַ וועלטען-טרוימער. דער קינסטלער אָבער טרוימט דעם טרוים פונ׳ם טרוים, ער שאַפט די ווירקליכקייט פון אַ ווירקליכקייט — די ווירקליכקייט פון דער קונסט.

אינ׳ם שאַפען זענען מיר די שולדיגסטע.

אייגענטליך איז בודדאַ׳ס רעליגיע, די רעליגיע פון יאוש און האָפנונגסלאָזיגקייט. זי גלויבט נישט, נור לייקענט. זי איז די ערשטע רעליגיע, וואָס לייקענט. בודדאַ זאָגט די אָרימע אויסגע-לעזטע וועלט גאָר נישט צו. וואָס האָט דען צו האָפען אַ וועלט, וואָס איהר דאָזיין איז דער גרעסטער ספק און איהרע ערשיינונ-גען זענען נור שגעון-אידעען פון אַנ׳אומגליקליכען. גענוג איז פאַר איהר, אַז עס ווערען עטוואָס לייכטער די קייטען פון איהר גע-פייניגטען גאַנג, אַז אַ בודדאַ קויפט זי אויס פון איהר שטראָף און

שלעפּערט זי צוריק איין אין די עקזיסטענצלאָזע אָרעמס פון דעם גאָר-נישט. זאָל זי דאָרט רוהען אין איהר נישטיגקייט די אָרימע וועלט, די געיאָגטע זינדערין. לאָז זי דאָרט רוהען אין איהר פערגעסען, דו נירוואַנאַ!



נישט אַליץ אָבער — אינ׳ם מענשען-געשלעכט — האָבען פון די דאָזיגע קאָנסעקוּוענצען אויס׳ רעזיגנירט. — די וועלט איז אַ ספק, אין דער וועלט שטעקט אַ שולד, מיר מוזען געפינען ערגיץ דעם וועג וואו אַהין צו קענען אַנטלויפען. באַדיי אין די אונבעקאַנטקייטען פון דעם גאָר-נישט. נישט אַלע האָבען געבויגען דעם קאָפּ און זיך אונטערגעגעבען. אין העלאַס זענען די געטער געווען גנעדיגער ווי אין אינדיען, אויך די מענשען. עס איז מערקווירדיג ווי דאָס שיקזאַל פון די געטער איז ענג פערבונדען מיט דעם שיקזאַל פון די מענשען. וואו די געטער האָבען געשיכטע, האָט אויך זי די זעלביגע אידעע און געהט דעם זעלביגען וועג ווי די געשיכטע פון די מענשען.

די גריכישע געטער. די פאַרשער פון דער מיטאָלאָגיע ווילען זייער אָפּשטאַמונג פערלעגען קיין אינדיען. דאָס לאַנד, וואו דער געדאַנק פון דער נירוואַנאַ האָט אַרומגעכאַפּט ווי אַ גרויסער אומעט די נשמה פון די מענשען, זאָל אויך זיין די וויג פון דעם געטער-געדאַנק. דאָרט אין אינדיען האָבען די מענשען אָנגעהויבען צו דערפיהלען זייער וועג איבער׳ן אָפּגרונד. פון די דאָזיגע אָפּגרונדען אַרויס זענען אויפגעשטיגען די געטער. דאָך אָבער איז אין העלאַס געשעהן דאָס גרויסע וואונדער. דאָס וואונדער פון דער ווידערגעבורט. ס׳איז אויפסניי דאָרט געהייליגט געוואָרען דער מענש און דער גאָט. זיי ביידע אַלס ערשיינונג.

דורך דעם וואָס ס׳איז דערציטערט געוואָרען דער באָדען אונטער די פיס, האָט מען זיך אין אינדיען פערלייקענט. זיך און די וועלט. מ׳האָט דערקענט די אירעאַליטעט פון די ווירקליכקייטען-

די וועלט איז אַ חלום. די מענשען האָט אָנגעפֿילט אַ טרויער בשעת זיי זענען געוואָהר געוואָרען, אַז זיי זענען טרוימער. אין אינדיען איז געבוירען געוואָרען דאָס גרויסע דערוואַכען. די טראַגישע שלעפֿער אין דער מאַיאַ האָבען זיך געוועקט. עס איז אַראָפּגעקומען אויף דער וועלט בודדאַ דער וואָהרער. זיין אמת איז געווען אַ לויב צו דער פֿערניכטונג, צו דער נישטיגקייט.

בודדאַ האָט געטריבען אינ׳ם אָפּגרונד; געבענשט איז דער פֿערלוירענער, געבענשט איז דער אונטערגעהער. אין גריכענלאַנד איז נאָך דעם דערקענען געקומען דאָס וואַגען, מיר האָבען זיך צושטערט, מיר וועלען בויען. מיר וועלען בויען אַ בריק — איבער׳ן אָפּגרונד.

טיפֿערע קעפּ האָבען אַנדערש אויסגעטייטשט דעם געדאַנק פֿון דער „גריכישער הייטערקייט”. אין גריכענלאַנד האָט מען דאָס דאָזיין לגמרי נישט גענומען זאָרגלאָז און לוסטיג. מען האָט זיך נישט בעטויבט אין פֿרייד און אין שענקייט; דער וועג פֿון די דיאָניזען איז נישט געווען דער רויש פֿון פֿערגעסען. קומענדיג פֿון זייערע אינדישע הימלען האָבען די געטער מיט זיך מיטגעברענגט דעם גאַנצען וועה פֿון דער מענשליכער עמפּפינדונג, אַזוי ווי ער איז אויסגעבראָכען אין אינדיען. אויך אין זייערע טעמפּלען אויס ווייסען זוניגען מאַרמאָר, אונטער זייערע בילדער פֿון גאָלד און העלפֿאַנט-ביין האָבען די גריכישע געטער געקאָנט וויינען, און ס׳איז זיי געווען קאַלט און טרויעריג. אויך די גריכישע מענשען האָבען געקאָנט וויינען. ווער ס׳האָט נישט דערזעהען דאָס האַרץ וואָס האָט געבלוטיגט אונטער׳ן פּורפּור, דער האָט נישט פֿערשטאַנען דאָס גריכישע וועזען.

אין אינדיען איז געקומען דער גרויסער אומעט. דאָס טראַגישע דערקענטעניש האָט דערלאַנגט אַ מעכטינען קלאַפּ. מ׳האָט אַראָפּגעלאָזט די הענד. — דער מענש איז פֿערלוירען געגאַנגען אין זיין דערקענען — האָט מען געזאָגט — און מ׳איז אַוועק אין דער נירוואַנאַ. אין דער גריכישער טראַגישער צייט האָט מען ערשט אָנגעהויבען ריכטיג אָפּצושאַצען דעם ווערט, דעם ווערט פֿונ׳ם

מענשען. מ׳האָט בעקומען פֿאַר איהם עהרפֿורכט. דער מענש איז איצטער אָנגעוויזען אויף זיך אַליין. די וועלט אַרום איהם איז איינגעפֿאַלען אין חורבות. דער מענש האָט געבענקט און זיין בענקשאַפֿט האָט די וועלט פֿערברענט אויף אַש. וואָס איז דער מעהר? דער מענש שטעהט אַ פֿערלאָזענער אין די חרוב׳ע ווירקליכקייטען, אין זיינע טרוימען. ער איז זיין אייגענער גאָט אין יענע גרויסע אונבעקאַנטקייטען פֿון דער עקזיסטענץ. צו ווענען זאָל ער אויס-שטרעקען די הענד אין זיין גרויסען לייד? די הימלען זענען פֿער-שלאָסען, די גרויסע געטער — די קאָסמישע — זענען טויב. העלף דיר אַליין. בעשאַפֿט זיך דער מענש זיין וועלט, דאַן איז ער דער גרעסטער. פּרייזט איהם. דער מענש איז אַלצדינג, דער מענש איז דער בורא אין זיינע טרוימען.

אין דער אַנטיקער טראַגעדיע דעריבער, אין דער טראַגעדיע פֿון עסכילאָס און סאָפֿאָקלעס, זענען דיליידען פֿון מענשען — ליידען פֿון געטער.

אין גריכענלאַנד האָט מען אויסגערופֿען: ווי שען אייער טרוים איז, איהר שטערבליכע טרוימער!

האָפֿנונגסלאָז אינדיען, דו אומעטיג לאַנד! מתבודדים זענען נע ונד אויף דיין ערד, ווי טויטען-גרעבער קומען זיי צו דיר. אין די טריט פֿון דיין משיח געהען זיי. דיינע מענשען שטאַרבען צו גערן. אונטערגאַנג. די וועלט איז אַ חלום. די ווירקליכקייטען וואָס מיר מיינען צו האָבען אין אונזער הענד זענען בלויזער רויך. די שענקייט — זי איז דאָס לאָק-מיטעל פֿון דער מאַיאַ. היט אייך, איהר מענשען, פֿאַר דער שענקייט, זי פֿערשטעלט אייך דעם וועג צו דעם אָפּגרונד. אין גריכענלאַנד האָט מען זיך דער דאָזיגער שענקייט אונטערגעגעבען. נעבען די גרעסטע האָפֿנונגסלאָזיגקייט האָבען דאָרטען די מענשען נישט פֿערלוירען זייער האָפֿנונג, להיפך: דער שענסטער וועג איז דער וועג איבער׳ן אָפּגרונד, דער לעצטער וועג. אין די עקזיסטענצען שטעקט אַ געהיימניספֿול שפּיל, אַ גערשאַנג על אויף טויט און לעבען. מיר געהען אַרום אויף דעם שוי-פּלאַץ, וואו עס קעמפֿט דאָס גאָר-נישט מיט עטוואָס וואָס

רייסט זיך אַרויס פֿון זיין שויס. זאָלען דען אונזערע חושים קענען פּאַסען דעם דאָזיגען בלוטיגען קאַמף? דעם קאַמף פֿון די געטער מיט זייער אייגענעם סוד?

אין גריכענלאנד האָבען די מענשען מנצח געווען דעם גרויסען ספק. זיי זענען געוואָרען די זיגער אין זייער טרוים. זיי האָבען אַליין צוגערופֿען די פֿאַלשע וועלט, די צויבערין, זי זאָל זיי איינ־לוליען. דער דאָזיגער שלאָף אין דער מאַיאַ, וואָס האָט בעטרויערט די דערוואַכטע אינדיער, ווי זיס איז ער, ווי הערליך. די מענשען האָבען אַרויסגעטריבען די וואָהרהייטען פֿון דעם קאָסמאָס און זיי זענען געוואָרען די געטער, די געטער פֿון אונזיכערען, פֿון אונ־בעוואוסטען. ערשט אין זיין אונבעוואוסטקייט האָט זיך דער מענש דערפֿיהלט מעכטיג. ווען עס האָט דערציטערט די ערד אונטער זיינע פֿיס און ער האָט זיך דערפֿיהלט אַלס גאָר־נישט אין דעם אונבעקאַנטען, האָט זיך דער גריכישער מענש דערפֿיהלט אַלס שאַפֿער. די רעאַלע ווירקליכקייט איז חרוב געוואָרען זאינ'ם מענש־ליכען וועה — די אינדיער האָבען אויסגעשריגען: נירוואַנאַ. דאָס קינסטלערישע גריכענלאַנד האָט אָנגעהויבען אַ נייע ווירקליכקייט, די ווירקליכקייט פֿון דער קונסט.

קום, לאָמיר מקריב זיין צו אַפּאָלאָ, דעם גאָט פֿון די טרוימען, און מיר וועלען זיין די צוקוקער פֿון אַ מעכטיגען שוישפּיל.

---

געלעגען איינגעקוואָרטשעט אין בעטט, נאָר אַז איך בין געזונד געוואָרען און מע האָט מיך אָנגעטהון אין פרישע קליידער און איך בין דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען אויף דער פרישער לופט — האָב איך מיך אויך געפיהלט אַזוי גליקליך ווי איצטער, אַז איך בין אַרויסגעפאָהרען פון דער שטאָדט!

ערשט איצטער אין דער שטילקייט פון די ברייטע פעלדער האָט מיר אָנגעהויבען
י די אויערען צו זשומען דאָס גאַנצע יודישע שטאָדט־לעבען... פון וואָס און
אַזוי דער יוד לעבט... אַך! ווי סקוטשנע, ווי טרויעריג איז דאָס לעבען! ווי
יאָמערט איז דער יוד שטענדיג און וויל גאָר ניט אויפהייבען די אויגען אַ קוק
ני ון אויף דער ליעבער זונן און זעהען ווי זי לייכט צו איהם גלייך ווי צו אַנדערע
כ נשען אויף דער וועלט! וויפיעל עס זאָל איהם ניט דושען, וויל ער ניט עפנען
ז ס מויל אַריינצושעפען אין זיך פרישע לופט. פרופט רחמנות האָבען אויף איהם
און ווילט איהם עפנען דאָס מויל, וועט זיין אומזיסט אייער טרחה — עס געהט איהם
ר ניט אָפּ, עס איז איהם אַזוי אויך גוט, ער וויל גאָר קיין בעסערס ניט. אונזערע
דען זעגען ווי די קליינע קינדער וואָס וויינען און שרייען ווען די מוטער אָדער די
ז ווילל זיי אַרויסנעמען פון דעם נאַסען וויגעלע, אָפּוואַשען און אָפּצוואָגען. „זיך
לל ניט, אַוועק פון מיר, לאָזט מיך צו רוה". שרייען אונזערע יודעלעך און קוועלען
וייטער אין זייערע נאַסע וויגעלעך, פאַר דעם טרוקענעם שטיקעל ברויט, פאַר די
נגע געסלעך און שטיבלעך, פאַר דער דושנער לופט. פאַלט עס גאָר דעם יודען
איין אַ קוק צו טהון אין שפיגעל און זעהן וואָס פאַר אַ שלעכט פנים ער האָט? ווי
אַרשׁבאַכט און איינגעהויקערט ער איז. אַז מע זעהט נישט מעהר ווי ביינער מיט
פייערדיגע אויגען וואָס רוהען ניט, וואַרפען זיך אויף אַללע זייטען און בליש־
ן! קומט איהם אַמאָל דער געדאַנקען זיך צו פרעגען: סטייטש, וואָס וועט זיין
גר סוף פון מיר, פון אַזאַ לעבען? עד מתי וועט אונז זיין אַזוי ביטער און פינסטער?
יז וואַניט וועלען מיר פאַרשוואַרצט ווערען? ווענן וועלען מיר שוין אויך אָנהייבען
יהרען אַ געזונד, פריי לעבען?

טאָמער חאַפּט זיך יאָ אַמאָל אויף איינער פון דעם לאַנגען שלאָף, רייבט זיך
אויס די אויגען און זאָגט: ברידער! גענוג שטענדיג אַרומגעהן פאַרחמאַריט, פאַר־
שלאָפען, פון אַזאַ לעבען קען קיין גוטס ניט אַרויסקומען, גענוג פאַרליערען די טהייערע
ט, מען דאַרף טראַכטען עפּעס צו טהון, וואָרום מיר ווערען נאָר אַללע מאָל שוואַ־
ער, עס קענן פון אונז גאָר ווערין אַיין עק... צושרייט מען זיך אויף איהם פונקט
וי דאָס קליינע קינד פון דעם וויגעלע: אפּיקורוס, לערען אונז ניט, מיר דאַרפען
ניט בויען קיין נייע וועלטען, עהרליכע יודען מוזען לעבען ווי זייערע טאַטעס און
מאַמעס האָבען געלעבט!...

אומגליקליך קינד!!

עס איז מיר אויפגעקומען אויף די געדאַנקען: אפשר וויל דער יוד ניט אַרויס־

קְריִבְעָן פוּן זַיין פֶערְפִינְסְטֶערְטְ לֶעבֶּען, דֶער יוּד וָואס עֶר אִיז אַזוֹי דֶערְשְׁלָאגְן, אַ פָּאר צָרוֹת דַאנְקְט עֶר גָאטְט וָואס מֶע טְשֶׁעפֶּעט אִיהם נִיט אוּנ מֶעלָאזְט אִיהם לִיגֶען וִוי עֶר לִיגְט... אַזוֹי אִיז מִיט יֶעדֶען אוּמְגְלִיקְלִיכֶען!...

אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעסְטַארֶעט צוּ פֶערְטְרַייבֶּען דִי טְרוֹיעֶרִיגֶע גֶעדַאנְקֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אוּמְקוּקֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ בַּיי מִיר אִין בּוֹיד, צוּ עֶס לִיגְט אוֹיף זַיין אָרְט דֶער טְשֶׁעמָאדַאן אוּנ דִי אִיבְּרִיגֶע קְלֵיינֶע קְלוּמֶעקְלִיךְ וָואס מֶע נֶעמְט מִיט אִין וֶועג אַרַיין; דֶערְוַוייל הָאבּ אִיךְ דֶערְזֶעהֶען אַז אִין דֶער בּוֹיד זִיצֶען מִיט מִיר נָאךְ דְרַיי פַּארְשׁוֹין, יוּדֶען טַאקֶע פוּן מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ — פוּן דֶער שְׁטָאדְט פוּן וֶועלְכֶער אִיךְ בִּין אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען.

II.

וֶועלְכֶען יוּדֶען אִיז נִיט בַּאקַאנְט דִי שְׁטָאדְט מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ? חָאטְשׁ עֶס אִיז נָאר אַ קְלֵיין שְׁטֶעדְטִיל פוּן זֶעקְס טוֹיזֶענְד אַיינְוואהנֶער, צוּם גְרֶעסְטֶען טְהֵייל יוּדֶען, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען קֶען מֶען גֶעוִויס זָאגֶען, אַז פוּן אַ פּוֹילִישׁ חֵדֶר־יוּנְגֶעל בִּיז אַ גֶעבִּילְדֶעטֶען פַארִיזֶער יוּדֶען, קֶען יֶעדֶער דִי שְׁטָאדְט מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ, וַוייל דָא הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אוּנ לִיגֶען אוֹיף דֶעם בֵּית הַקְבָרוֹת דִי עֶרְשְׁטֶע בַּארִיהמְטֶע חֲסִידִישֶׁע רֶעפָארְמַאטָארִים, וִוי ר׳ יִשְׂרָאֵל בַּעַל שֵׁם טוֹב (דֶער בַּעַל שֵׁם), ר׳ אַבְרָהָם׳לֶע מַלְאָךְ, ר׳ דָוִד נִיקָאלַאיֶעוֶוער, ר׳ מָרְדְכַי פּוּרִים מִיט זַיין וַוייבּ אֶסְתֵּר. פוּן דֶעם פָּאר־פָאלְק דֶערְצֶעהלְט מֶען עַד הַיּוֹם אַ סַךְ מַעֲשׂוֹת, דוּרְךְ וֶועלְכֶע זַיי הָאבֶּען זִיךְ עֶרְוָוארְבֶּען בַּיי דִי דָארְטִיגֶע יוּדֶען אַ גְרוֹיסֶען הִיסְטָארִישֶׁען נָאמֶען: אִין דֶער צַייט וָואס דִי הַאיְדַאמַאקִים זֶענֶען בַּאפַאלֶען דִי פּוֹילִישֶׁע שְׁטָאדְט אוּנ הָאבֶּען גֶעקוֹילֶעט אוּנ גֶערַאבֶּעוֶועט יוּדֶען, זֶענֶען זַיי אוֹיךְ בַּאפַאלֶען דִי שְׁטָאדְט מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ. דִי יוּדֶען זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען אוּנ הָאבֶּען זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען אִין דֶעם פּוֹילִישֶׁען פַּאלַאץ, וָואס גֶעפִינְט זִיךְ דָארְט נָאךְ עַד הַיּוֹם. וֶוען דִי הַאיְדַאמַאקִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהֶען צוּם פַּאלַאץ אוּנ דִי יוּדֶען הָאבֶּען אַיינְגֶעזֶעהן אַז זַיי זֶענֶען פַארְלָארֶען, הָאט זִיךְ אַיין יוּד מִיט דֶעם נָאמֶען ר׳ מָרְדְכַי אוּנ זַיין וַוייבּ אֶסְתֵּר אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען, גֶענוּמֶען דְרֶעקְס אִין דִי הֶענְד, גֶעפֶעפְעֶנְט אַלֵיין דִי טְהוֹיעֶרֶען אוּנ מִיט אַ גֶעשְׁרַיי: „שְׁמַע יִשְׂרָאֵל! יוּדֶען, פַארְלָאזְט זִיךְ נָאר אוֹיף גָאטְט דֶערְנָאךְ אוֹיף מִיר!“ זֶענֶען זַיי גֶעלָאפֶען פְרִיהֶער אִין דֶער מַחֲנֶה אוּנ עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד יוּדֶען נָאךְ זַיי אוּנ הָאבֶּען מִיט גְרוֹיס גְבוּרָה פַארְטְרִיבֶּען דִי הַאיְדַאמַאקִים. זַייט דֶעמָאלְט אִיז ר׳ מָרְדְכַי מִיט זַיין וַוייבּ אֶסְתֵּר גֶעבְּלִיבֶּען צְוִוישֶׁען דִי מֶעזְשִׁיבּוּזְשֶׁער יוּדֶען פָאלְקְסְהֶעלְדֶען לְדוֹרוֹת אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען „מָרְדְכַי פּוּרִים“, וַוייל דוּרְךְ זַיי אִיז אַ נֵס גֶעשֶׁעהן. נָאךְ זַייעֶר טוֹידְט הָאט מֶען זַיי גֶעשְׁטֶעלְט אַ מַצֵּבָה לְזִכָּרוֹן. וֶוען אִיךְ בִּין רֹאשׁ חֹדֶשׁ אֱלוּל גֶעוֶועזֶען אוֹיף דֶעם מֶעזְשִׁיבּוּזְשֶׁער בֵּית הַקְבָרוֹת בִּין אִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן בַּיי זַייעֶרֶע קְבָרִים לֶאנְגֶער וִוי בַּיי אַלֶע; פַארְוָואס? ווייס אִיךְ אַלֵיין נִיט. —

אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיךְ לַאנְג פַארְזוֹימְט בַּיי דִי קְבָרִים פוּן דֶעם בַּעַל שֵׁם אוּנ פוּן

דעם אפטער רב, ווייל דא האבען מיך אינטערעסירט די מאסען קוויטליך וואס איך האב געזעהן אויף זייערע קברים. איך האב אויפגעהויבען עטליכע קוויטליך אונ אנגעהויבען לייענען. איך וועל אייך ניט איבערגעבען די טיטלען וואס יעדער האט געשריבען דעם בעל שם, ווייל עס איז איטליכען יודען באקאנט ווי אזוי מען שרייבט צו א גוטען יודען, צו א הימעל-מענש; איך וועל אייך נאר דערצעהלען אין קורצען דעם אינהאלט פון איינינגע קוויטליך:

מען האט געבעטען אויף קינדער, אויף פרנסה, אז קינדער זאלען זיך האלטען, אז פערד זאלען ניט פאלען, ווייל דאס דריטע פערד איז שוין געפאלען אונ איצטער האט דער פראסטעל (הערער) ניט קיין פערד מיט וואס צו פיהרען וואסער זיינע בעלי בתים; איינע האט געבעטען זי זאל גיכער געהיילט ווערען, ווייל די דאקטוירים האבען געזאגט, ביז זי וועט ניט געהיילט ווערין טאר זי ניט חתונה האבען; איינע דאנקט איהם וואס גאטט האט איהר געהאלפען אונ זי איז געווארען א גבירה'טע, נאר מיט איין זאך האט זי גאטט געשטראפט — זי האט באקומען א פוילע נאז, וועלכע ווערט אללע מאל רויטהער אונ וויפיעל זי איז שוין געפאהרען צו די גרעסטע דאקטוירים קיין אדעס, האט עס איהר אלץ גאר ניט געהאלפען. „רבי טהייערער, שרייבט זי ווייטער אין קוויטיל, ווען איך זאל זיין א קבצנטע ווי פריהער, וואלט מיך ניט געארט אז די נאז זאל אפילו צעהן מאל אזוי פויל אונ רויטה זיין, אבער איצטער אז איהר האט מיך געמאכט פאר א גבירה'טע, ווי פאסט מיר א רויטהע נאז?"

עס איז ניט מעגליך איבערצוגעבען דעם אינהאלט פון אללע קוויטליך אונ ווידער וואלט איך בעדארפט זיי לייענען יאהרען לאנג. איך האב זיי צוריק ארויפגעווארפען אויף די קברים אונ געזאגט צו מיר אליין: אוי דו גאטט! וואס פאר א טהייער פאלק יודעלעך דו האסט! ווער פארמאגט גאר אזא פאלק!

מיט איין ווארט מעזשיבוזש רעכענט זיך פאר אקליין ארץ ישראל, אללע ראש חדש אלול פאהרט מען פון דער גאנצער וועלט קיין מעזשיבוזש אויף קבר אבות, מען ווארפט אויף די קברים קוויטליך בארג-ווייז אונ ווען מען פאהרט אוועק נעמט מען מיט קליינע זעקלעך ערד פון די קברים אויף רפואות פאר אגאנץ יאהר. נאך היינט קומען זיך באזעצען קיין מעזשיבוזש אלטע לייט וועלכע ווילען ליגען צווישען די צדיקים. עס איז נאך דא דעם בעל שם'ס בית המדרש וואו ער האט אמאל געדאווינט אונ געוואהנט, האטש דאס בית המדרש איז שוין זעהר אלט, אונ עס פאלט פשוט איין, וויל מען ניט באבען קיין נייע וואנד אונ עס ווערט פון אללע פיער זייטען אונטערגעשפארט מיט חסידים וועלכע בייטען זיך פא אטשערעדי. נאך אללעם קענט איהר שוין פארשטעהען אז די מעזשיבוזשער יודען פון קליין ביז גרויס, פון דעם וואסערפיהרער ביז דעם רב אונ דעם גוטען יודען, רעכענען זיך אללע פאר אמת'ע, געבוירענע, בלוטיגע אייניקליך, פאר צדיקים אונ גוטע יודען, אזוי אז קיינער זארגט גאר ניט פאר פרנסה,

און ווי בּאַלד איינעם ווערט נאָר שלעכט, ווייסט ער אַז ער האָט אַגוטע פּרנסה: ער טהוט נאָר אַפּאָהר אויף דער וועלט מיט דעם נאָמען „דעם בּעל־שם'ס, דעם מלאך'ס דעם אַפּטער'ס—איין איינִיקעל״,—בּרייִנגט ער שוין צוריק מזומנע הונדערטער.

פון אַזוינע הייליגע מענשען זענין, פאַרשטעהט זיך, אויך געווען די דריי פאַרשוינען וועלכע זענין מיט מיר אין בויד געזעסען. נאַטירליך זענין זיי געווען אַזוי אומגליקליך ווי אַללע מעזשיבוזער יודען. איך בּין פון זיי געוואָהר געוואָרין, אַז איינער איז דעם בּעל־שם'ס און די צוויי אַנדערע דעם מלאך'ס איינִיקליך, עס האָט זיך מיר זעהר פאַרגלוסט מיט זיי ווייטער צו רעדען און צו וויסען דעם צוועק פון זייער פאָהרען, נאָר פּלוצים האָט זיך די בויד אָבּגעשטעלט. דאָס איז געווען אין גאַנצען פיער ווערסט פון דער שטאָדט, איך האָב גערעכענט אַז דער בּעל עגלה וויל מסתמא צורעכט מאַכען דעם דישעל, צו די צוים פון די פערד, ווייל קיין קרעטשמע איז דאָ ניט געווען אויף צו חאַפּען אַטרונק בּראָנפּין, און נאָך פיער ווערסט שוין פּאַסין די פערד—איז אויך ניט צו גלויבען—אפילו בּיי אַיודישען בּעל עגלה. ווי איך האָב מיך אומגעקוקט אויף אַללע זייטען און האָב געוואַלט ווייטער רעדען, האָב איך מיט גרוים וואונדער געזעהן אַז אַללע מיינע פּאַסאַזשירען האָבען מיך איבּערגעלאָזט אַלליין אין בויד און זענין אַוועק־געגאַנגען אין דער זייט פון דעם וועג, אַראָב פון אַבּערגיל און עפּיס ווי פערגלאָנצט די אויגען צום הימעל. דער בּעל עגלה האָט געזעהן אַז איך ריהר מיך ניט פון דעם אָרט, האָט ער מיך געפרעגט.

—איהר ווילט דערנאָך געהען? וועל איך דערווייל געהען און איהר וועט מוחל זיין אַכטונג געבּען אויף די פערד און דערנאָך וועט איהר געהען און מיר וועלין אַבּיסיל צו וואַרטען אויף אייך.

—וואו אַהין זאָל איך געהען? וואָס האָט מען זיך דאָ אָבּגעשטעלט? וואו אַהין זענין זיי געגאַנגען? האָט איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

דער בּעל עגלה האָט מיך בּאַטראַכט, דערנאָך אַנידערגעלעגט די בּייטש אויף דער קעלנע און זיך געלאָזט געהען אַהין וואו די דריי פּאַרשוינען זענין געגאַנגען, נאָר איך האָבּ איהם אָבּגעשטעלט:

—זאָגט מיר וואו אַהין געהט איהר און ווי לאַנג וועלען מיר דאָ שטעהען?

—אַפּנים אַז איהר זענט קיין יוד נישט וואָס איהר ווייסט נישט, אָדער איהר זענט נישט קיין היגלענדישער?

איך האָבּ איהם דערצעהלט אַז איך וואָהן שוין אַיאָהר אין מעזשיבוזש.

—נאָ, איז טאַקי נאָך מעהר וואונדער, ווי קומט עס איהר זאָלט נישט וויסען פון דעם בּעל שם'ס קרעניצע?

איך האָב שוין אָנגעהויבען מיך צו שטויסען אַז נישט אומזיסט האָט מען זיך דאָ

אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט . דֶער בַּעל עֲגָלָה הָאט מִיר וַויטֶער דֶערְצֶעהלְט, אַז וֶוען דֶער בַּעל שֵׁם אִיז גֶעפָאהרֶען אִין וֶועג אוּנ אִיז גֶעקוּמֶען דְרַיי וֶוערְסְט פַאר מֶעזְשִׁיבּוּזְשׁ, הָאט עֶר דֶערְזֶעהֶן אַז עֶס אִיז שׁוין „זְמַן מִנְחָה", — הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואלְט שְׁטֶעלֶען דַאוְונֶען, נָאר וואוּ נֶעמְט מֶען וַואסֶער, זִיךְ צוּ וַואשֶׁען דִי הֶענְד ? עֶר הָאט נִיט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ הָאט גֶענוּמֶען בַּיי זַיין אַלֶעקְסֶען וָועם בַּעל שֵׁם'ס אַיין אָנְטְרַייבֶּער בַּיי דִי פֶערְד, וֶועלְכֶער שְׁפִּיעלְט אַגְרוֹיסֶע רָאלֶע אִין אַלֶע מוֹפְתִים פוּן דֶעם בַּעל שֵׁם, דֶערְפַאר אִיז עֶר עַד הַיוֹם אַשְׁוַויצֶער אִין גַן עֵדֶן) דִי בַּייטְשׁ אוּנ הָאט זִי אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין אַשְׁטֵיין, הָאט בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְוָואלֶען וַואסֶער עַד הַיוֹם הַזֶה, אוּנ מֶען רוּפְט עֶס דֶעם „בַּעל־שֵׁם'ס קְרֶענִיצֶע" .

דֶערְוַוייל אִיז אַיין פַארְשׁוין גֶעקוּמֶען צוּרִיק, דֶער בַּעל עֲגָלָה הָאט אִיהם נָא דֶערְזֶעהֶן, הָאט עֶר מִיךְ אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ אִיז אַוֶועק גֶעלָאפֶען צוּ דֶער קְרֶענִיצֶע .

— אִיהְר זֶענְט שׁוין גֶעוֶוען בַּיים בַּעל שֵׁם'ס קְרֶענִיצֶע ? הָאט מִיךְ דֶער „פַארְשׁוין" גֶעפְרֶעגְט אוּנ פוּן זַיין פָּנִים אוּנ פֵּאוֹת הָאט גֶעטְרִיפְט וַואסֶער .

— וָואס וֶועל אִיךְ דָארְטֶען טְהוּן ? אִיךְ בִּין נִישְׁט דָארְשְׁטִיג.

עֶר הָאט מִיךְ פַארְווּאוּנְדֶערְט אָנְגֶעקוּקְט .

— וָואס הֵייסְט אִיהְר זֶענְט נִישְׁט דָארְשְׁטִיג ? אַפָּנִים אִיהְר זֶענְט גָאר קֵיין יוּד נִישְׁט ? אָט דָא אוּנְטֶער דֶעם בֶּערְגִיל אִיז דָאךְ דֶעם בַּעל שֵׁם'ס זִכְרוֹנוֹ לִבְרָכָה קְרֶענִיצֶע אוּנ וֶועלְכֶער יוּד שְׁטֶעלְט זִיךְ דָא נִיט אָב, זִיךְ צוּ וַואשֶׁען דָאס פָּנִים ?

— נָאכְוָואס דַארְף מֶען זִיךְ וַואשֶׁען דָאס פָּנִים ?

— דָאס אִיז אַגְרוֹיסֶע סְגוּלָה צוּ שֶׁאנְקֵייט, יֶעדֶער יוּד דַארְף זַיין שֶׁאן .

אִיךְ הָאבּ אַקוּק גֶעטְהוּן אוֹיף זַיין פָּנִים אוּנ הָאבּ אִיהְם גֶעפְרֶעגְט :

— אוּנ אִיהְר הָאט שׁוין אַמָאל אַייֶער פָּנִים גֶעוַואשֶׁען ?

— וָואס פְרֶעגְט אִיהְר, אִיךְ בֶּעט אִיבֶּער אַייֶער כָּבוֹד, אַזַא גְרוֹיס נַארִישְׁקֵייט ? מִיר דַאכְט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ שׁוין גִישְׁט אַזוֹי פִיעל הָאר אִין קָאפּ וִויפִיעל מָאל אִיךְ הָאבּ דָא מַיין פָּנִים גֶעוַואשֶׁען, גֶעווִיס אַמָאל טוֹיזֶענְד !

— אוֹיבּ אַזוֹי, הָאבּ אִיךְ פַארְווּאוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט, קוּקֶענְדִיג אוֹיף זַיין פַאקְקוּדְנֶע פָּנִים מִיט אַסַךְ פְּרִישְׁטְשִׁים, וָואסְזְשֶׁע זֶענְט אִיהְר, אִיךְ בֶּעט אִיבֶּער אַייֶער כָּבוֹד, אַזוֹי מִיאוּס ?

— דָאס אִיז, פַארְשְׁטֶעהט אִיהְר מִיךְ, דֶערְפַאר וַוייל אִיךְ בִּין אַמָאל נָאךְ מִיאוּסֶער גֶעוֶוען, אִיצְטֶער אִיז מַיין פָּנִים שׁוין גָאלְד, אַדַאנְק דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ אָפְט גֶעוַואשֶׁען מִיט דֶעם הֵיילִיגֶען וַואסֶער. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען אַז דֶער יוּד הָאט רֶעכְט אוּנ בִּין אוֹיךְ אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער קְרֶענִיצֶע . דָארְט הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען דֶעם בַּעל עֲגָלָה מִיט דִי צְוַויי פַארְשׁוין זִיךְ אַמָאל צְוַואנְצִיג פְּלְיוּסְקֶען דָאס פָּנִים, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ נִישְׁט אָבְּגֶעווִישְׁט, נָאר גֶעלָאזְט טְרִיפֶען דָאס וַואסֶער פוּן דִי פֵּאוֹת אוּנ דִי פֶּנִימֶער . אִיךְ הָאבּ בֶּעשַׁאנְפֶערְלִיךְ גֶעזֶעהֶן ווי זֵייעֶרֶע פֶּנִימֶער הָאבֶּען קֵיינֶען דֶער זוּן גֶעשַׁיינְט פַאר שֶׁאנְקֵייט...

דָא בִּין אִיךְ גֶעוָואהר גֶעוָוא־ין פוּן אַסַךְ נַייֶעס: אִין עֶרְשְׁטֶען אַז דִי דָארְטִיגֶע מוּזְשִׁיקִים רוּפֶען דִי קְרֶענִיצֶע "רַאבִּינְסְקֶע קְרֶענִיצֶא" אוּנ וֶוען זַייֶערֶע בְּהֵמוֹת וֶוערֶען חוֹלֶה, טְרַייבֶּען זַיי זַיי צוּ דֶער רַאבִּינְסְקֶע קְרֶענִיצֶע, כְּדֵי זַיי זָאלֶען בַּאלְד הָאבֶּען אַרְפוּאָה; אוּנ צְוֵוייטֶענְס — אַז אַרוּם דֶער גֶעגֶענְד אִיז כִּמְעַט נִישְׁט דָא קֵיין יוּנְגֶער מַאנְן, קֵיין מֵיידֶעל, קֵיין וַוייבֶּעל, וָואס זָאלֶען זִיךְ נִישְׁט הָאבֶּען גֶעוַואשֶׁען דָאס פָּנִים בַּיי דֶער קְרֶענִיצֶע, כְּדֵי זַיי זָאלֶען וֶוערֶען שֶׁאן, אֲפִילוּ אַלְטֶע אַלְמָנוֹת וָואס הָאפֶּען נָאךְ תִּקְוָה הָאבֶּען, לוֹיפֶען אוֹיךְ — קֵיינֶער זָאל נִישְׁט זֶעהֶען — זִיךְ וַואשֶׁען דָאס פָּנִים. יֶעדֶעס פְּרַיילֵיין אֵיידֶער דֶער חָתָן קוּמְט זִי אָנְקוּקֶען לוֹיפְט זִי זִיךְ וַואשֶׁען צוּ דֶער קְרֶענִיצֶע.

עֶס אִיז מִיר בַּאלְד אוֹיפְגֶעקוּמֶען דֶער גֶעדַאנְקֶען, מוֹדִיעַ צוּ זַיין פוּן דֶעם גְלִיקְלִיכֶען וַואסֶער אִין דִי צַייטוּנְגֶען, כְּדֵי דִי פְּרַיילֵיינְס וָואס עֶס קוּמְט זַיי שְׁוֶוער אָן צוּ גֶעפֶעלֶען דִי יוּנְגֶע לַייט אוֹיף וֶועלְכֶע זַיי הָאבֶּען גֶעוָוארְפֶען זַייֶערֶע אוֹיגֶען, אָדֶער יוּנְגֶע אוּנ אַלְטֶע דַאמֶען וָואס ה׳ילְלֶען פָּשׁוּט זַיין שֶׁאן אוּנ גֶעבֶּען דַארוֹיף שְׁטַארְק צוּ לַייֶען פַּאר פְּרָאשְׁיקִים אוּנ פוּדֶערְלֶעךְ דֶער "חִימִיטְשֶׁעסְקַאיַא לַאבָּארַאטָארִיַא", זָאלֶען אוֹיספְּרִיוֶוען דֶעם בַּעַל־שֵׁם׳ס ווּאוּנְדֶערְלִיךְ וַואסֶער. דִי וֶועלְט זָאגְט אַז דָאס וַואסֶער הֶעלְפְט אוֹיךְ צוּ גֶעזוּנְדְהַייט, אוּנ אַז דִי וֶועלְט זָאגְט מוּז מֶען גְלוֹיבֶּען. דָאס וָואלְט אֶפְשַׁר אַיינְגֶעשְׁפָּארְט אַסַךְ קֶערְבְּלֶעךְ אוּנְזֶערֶע דַאמֶען וֶועלְכֶע פָאהרֶען קֵיין אוֹיסְלַאנְד אִין דִי בֶּאדֶער גֶעזוּנְד וֶוערֶען פוּן דִי קְרֶענְק וָואס זַיי הָאבֶּען נִישְׁט!

אִיךְ מוּז זָאגֶען דֶעם אֱמֶת אַז מִיר הָאט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה בַּאנְג גֶעטְהוּן וָואס אִיךְ בִּין אַרוֹיסגֶעפָאהרֶען פוּן מֶעזְשִׁיבוּזְשׁ אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ גֶעווּאוּסְט פוּן דֶעם וַואסֶער; וָוארוּם אִיךְ זָאל גֶעוֶוען פְרִיהֶער דֶערְפוּן ווִיסֶען, וָואלְט אִיךְ גֶעמַאכְט אַנַאנְץ גֶעשֶׁעפְט אוּנ אִין הַיינְטִיגֶע צַייטֶען וַואלְגֶערן זִיךְ נִישְׁט דִי גֶעשֶׁעפְטִין אִין דִי גַאסֶען; עֶס אִיז גָאר קֵיין שְׁאֵלָה נִיט אוֹיבּ אִיךְ וָואלְט אָן דֶעם גֶעשֶׁעפְט פַארְדִיעֶנְט גֶעלְד, אִיךְ וָואלְט זִיכֶער גֶעהַאט אַסַךְ בַּעֲלָנִים אוּנ קוֹנִים, וָוארוּם וֶועלְכֶע דַאמֶע אוּנ וֶועלְכֶעס פְרַיילַיין ווִיל נִישְׁט זַיין שֶׁאן?

צוּ דֶער סְחוֹרָה, שֶׁאנְקַייט, זֶענִין דָא אַסַךְ בַּעֲלָנִים, אֲפִילוּ דֶער יוּד וָואס אִיז מִיט מִיר אִיצְטֶער גֶעפָאהרֶען אוּנ אִיז פָּשׁוּט שְׁרֶעקְלֶעךְ (מִיאוּס), אַז עֶס אִיז מִיאוּס פַאר אִיהם אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט אוֹיפְצוּעֶסֶען, אוּנ קוּקְט גָאר נִישְׁט אוֹיף קֵיין וַוייבֶּער, הָאט זִיךְ א־יךְ נִישְׁט גֶעפוּילְט זִיךְ צוּ וַואשֶׁען צְוַואנְצִיג מָאל, עֶר זָאל וֶוערֶען שֶׁאן. אִיךְ אַלֵיין הָאבּ מִיךְ צוּלִיעבּ דֶעם גֶעוַואשֶׁען בַּיי דֶעם בַּעַל־שֵׁם׳ס קְרֶענִיצֶע. צוּ בִּין אִיךְ דֶערְפוּן שֶׁאן גֶ־וָוארֶען צוּ נַיין, וַוייס אִיךְ נִישְׁט, ווַייל אִיךְ הָאבּ בַּיי מִיר בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה קֵיין שְׁפִּיגֶעל נִישְׁט גֶעהַאט, נָאר אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּרִיק אַרַיינְגֶעזֶעצְט אִין דֶער בּוּיד, הָאבֶּען מִיךְ מַיינֶע פַארְשׁוֹינֶען פַארְזִיכֶערְט, אַז אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַסַךְ שֶׁאנֶער גֶעוָוארֶען.

— הַיינְט זֶעהְט אִיהר, פְּרִיעֶר הָאט אִיהר נִישְׁט גֶעוָואלְט גְלֵייבֶּען, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיינֶער וָואס אִיז גֶעזֶעסֶען פוּנְקְט אַקֶעגֶען מִיר, אוּנ הָאט פוּן מִיר קֵיין אוֹיג נִישְׁט אַרָאבְּגֶעלָאזְט: חָלֶעבֶּען אַז אִיהר הָאט אִיצְטֶער גָאר אֵיין אַנְדֶער פָּנִים — אֵיין אֱמֶת יוּדִישׁ פָּנִים.

– אַגְרוֹיס גְלִיק הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַז אִיךְ הָאבּ אַיוּדִישׁ פָּנִים!... אוּנ עֶס הָאט
מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק בַּאנְג טְהוּן וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעוואַשֶׁען בַּיי דֶער קְרֶענִיצֶע.

– וָואס־זְשֶׁע הָאט אַייךְ אַזַא אוּמְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען? מִיר דאכְט זִיךְ אַז קֵיין שֶׁענֶער
פָּנִים פוּן אַיוּדִישֶׁעס אִיז גָאר נִישְׁט דָא.

– וָואס פַאר אַזַא שֶׁאנְקֵייט גֶעפִינְט אִיהְר אִין אַיוּדִישׁ פָּנִים?

– וָואס הַייסְט וָואס?... סְטַייטְשׁ אַיוּד!... אָךְ אַיוּד... אַיוּד אִיז שֶׁאן!...

עֶר הָאט דִי וֶוארְטֶער גֶעזָאגְט מִיט אַזַא פְרַייד אַז עֶר אִיז אַזשׁ אוּנְטֶערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען.
מֶען הָאט גֶעזֶעהן אוֹיף זַיין פָּנִים אַז עֶר וִויל מִיר אַסַךְ אַסַךְ זָאגֶען וֶועגֶען דֶעם, עֶר הָאט
אָפּוּל מוֹיל מִיט וֶוארְטֶער אוּנ קֶען זֵיי נִישְׁט אַרוֹיסבְּרֶענְגֶען. דִי אַנְדֶערֶע צְוַויי יוּדֶען הָאבֶּען
זִיךְ שְׁטַארְק צוּגֶעהֶערְט צוּ אוּנְזֶערֶע רַייד, אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן אַז זֵיי הַאלְטֶען מִיט אִיהְם
אוּנ נִישְׁט מִיט מִיר. זֵיי הָאבֶּען דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעשְׁוִויגֶען, נָאר זֵיי זֶענֶען פַארְזִיכֶערְט
גֶעוֶוען אַז דֶער יוּד וָואס שְׁפַּארְט זִיךְ מִיט מִיר, וֶועט דָאס „יוּדִישֶׁע פָּנִים" נִישְׁט לָאזֶען
שְׁטֶעהְן אִין דֶער בְּלָאטֶע, זֵיי הָאבֶּען אִיהְם נָאר אַללֶע מָאל אוּנְטֶערְגֶעהָאלְפֶען מִיט דִי
הֶענְד, אָדֶער מִיט אַשָׁאקִיל מִיט דֶעם קָאפּ, וִוי אַיינֶער זָאגְט:

– רֵייבּ אִיהְם, דֶעם דַייטְשׁ, דֶעם רוּסְטָאקְרָאפּ (אַרִיסְטָאקְרַאט), וָואס אִיהְם גֶעפֶעלְט
נִישְׁט קֵיין יוּדִישׁ פָּנִים אוּנ עֶר גְלוֹיבְּט נִישְׁט אָן דֶעם בַּעַל שֵׁם׳ס קְרֶענִיצֶע.

מֶערְקְוִוירְדִיג! אָט דִי יוּדֶען וָואס אִיךְ קֶען זֵיי שְׁטֶענְדִיג פַאר פַארְזָארְגְטֶע, פַאר־
וַויינְטֶע, פַארְחַמַארִיטֶע, גֶעפַאלֶענֶע – הָאבֶּען אִיצְטֶער גֶעקְרִיגֶען גָאר אַיין אַנְדֶער פָּנִים:
אִיךְ הָאבּ אִין זֵיי דֶערְזֶעהן פְּרֶעהלִיכֶע, לֶעבֶּעדִיגֶע, שְׁטָאלְצֶע מֶענְשֶׁען!

אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט זֵיי אִיבֶּערְצוּפְרֶעגֶען:

– אִיךְ וַויים חָלֶעבֶּען נִישְׁט וָואס אִיהְר זֶעהְט דָא פַאר אַשֶׁאנְקֵייט, פַאר אַגְלִיקְלִיכְקֵייט
אִין יוּדֶען. אָט זֶענֶען מִיר אִין בוֹיד יוּדֶען, לָאמִיר זִיךְ בַּאטְרַאכְטֶען אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערְן,
קוּקְט וָואס פַאר אוֹיסְגֶעדַארְטֶע, פַארְשְׁמַאכְטֶע פֶּנִימֶער מִיר הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג, אוּנ עֶס
אִיז גָאר קֵיין ווּאוּנְדֶער נִישְׁט, אַזוֹי וִוי מֶען לֶעבְּט אַזַא פָּנִים הָאט מֶען. בַּאטְרַאכְט נָאר
אוּנְזֶער לֶעבֶּען: אַיינְס פוּן דִי צְוַויי – זֶענֶען מִיר נִיט קֵיין שְׁ...קֶערְס, זֶענֶען מִיר קְרֶעמֶערְס
אָדֶער כּוֹחֲרִים׳לֶעךְ, וָואס הַאנְדְלֶען מִיט אַפְּרֶעמְדֶען גִילְדֶען אוּנ לֶעבֶּען פוּן דֶעם מַארְק
אָדֶער פוּן דֶעם וִוינְד. מִיט וִויפִיעל שְׁבוּרִים רֶעדֶען מִיר זִיךְ אָן, וִויפִיעל מָאל רוּפְט מֶען
אוּנְז „זְשִׁיד פַּארְךְ"! „זְשִׁיד פֶּעטְשָׁאנִי" אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע פַיינֶע נָאמֶען, אַיידֶער מִיר פַארְדִיעְנֶען
דֶעם וִויסְטֶען גְרָאשֶׁען, אוּנ וִוי אַזוֹי פַארלֶעבֶּען מִיר אוּנְזֶער יוּדִישֶׁען גְרָאשֶׁען? אִיךְ דַארְף
אַייךְ נִישְׁט דֶערְצֶעהלֶען, אִיהְר זֶענְט יוּדֶען, וַוייסְט אִיהְר אַלְלֵיין... מִיר עֶסֶען בַּיינֶער
פַאר פְלַיישׁ, מִיר וָואהנֶען אִין ענְגֶע שְׁטִיבֶּעלֶעךְ אוּנ אַיין דֶערְשְׁטִיקְטֶער לוּפְט...

– אֱמֶת – הָאט עֶר מִיר אִיבֶּערְגֶעשְׁלָאגֶען דִי רַייד, אָט וֶועל אִיךְ אַייךְ וַוייזֶען: אִיךְ
מִיט מַיין וַוייבּ הָארָאוֶוען טָאג אוּנ נַאכְט וִוי פַאר צֶעהְן, זִי הָאט אַשְׁטִיקִיל קְלֵייטִיל אוּנ

אִיךְ בִּין אַמַארְק־דְרָעהֶער, אַלוּפְט־פְּלִיהֶער; גְלַייבּ מִיר, אִיךְ זָאל מִיט מַיין וַוייבּ אַגַאנְצֶען טָאג הַאקֶען הָאלְץ, וָואלְטֶען מִיר הֶעהֶר פַארְדִיענְט; נָאךְ אַללֶע. אוּנְזֶערֶע הָארָאוַואנְיֶעס זֶענִין מִיר מִיט דִי קִינְדֶער בָּארְוִוים אוּנ נַאקִיט. פוּן דִי אַללֶע יוּדִישֶׁע פַּרְנָסוֹת אִיז קֵיין מָאל נִישְׁט מֶעגְלִיךְ אַרוֹיפצוּשְׁלֶעפֶּען אוֹיף אֵיינֶעם אַגַאנְץ מַלְבּוּשׁ; קֵיין מָאל עֶסֶען מִיר זִיךְ נִישְׁט אָן זַאט מִיט דֶעם שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט, אַגַאנְצֶען וִוינְטֶער אִיז אִין שְׁטוּבּ וַוארִים פוּן אֵיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערְן, אוּנ פוּן פְּרִישֶׁער לוּפְט וָואס אִיהְר זָאגְט אַז עֶס אִיז גוּט פַאר מֶענְשֶׁען — פַאר צָרוֹת פַארְגֶעסֶען מִיר גָאר אָן דֶעם...

עֶר אִיז פְּלוּצִים שְׁטַארְק טְרוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען, דִי אַנְדֶערֶע צְוַויי יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיךְ שְׁוֶוערֶע זִיפְצֶען אַרוֹיסגֶעלָאזְט פוּן דֶעם טִיעפֶען הַארְצֶען.

אִיךְ הָאבּ אִיצְטֶער בֶּאטְרַאכְט דֶעם יוּדֶען וָואס הָאט דִי גַאנְצֶע צַייט מִיט מִיר גֶערֶעדְט, עֶס אִיז בֶּאֱמֶת גֶעוֶועזֶען אַ שְׁרֶעק אוֹיף אִיהם אַ קוּק צוּטְהוּן: אַיינְגֶעהוֹיקֶערְט, אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט, אַ רָיאגֶער פָּנִים מִיט אַ פַארְבְּרֶענְטֶע הוֹיט, אַז מֶעהָאט גֶעקָאנְט אִיבֶּער־צֶעהלֶען דִי בַּארֶע בֵּיינֶער; מֶעהר הָאט מֶען טַאקֶע נִישְׁט גֶעזֶעהן וִוי צְוַויי פֵּאוֹת מִיט צְוַויי אוֹיגֶען. מִיר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק בַּאנְג טְהוּן וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהם אַזוֹי טְרוֹיעֶרִיג גֶעמַאכְט. נָאר וִוי בִּין אִיךְ אִיבֶּערְרַאשְׁט גֶעוָוארִין אַז אִיךְ הָאבּ פְּלוּצִים דֶערְזֶעהן וִוי זַיין פָּנִים הָאט זִיךְ גָאר פַארְעֶנְדֶערְט, עֶר אִיז גֶעוָוארִין פְרֶעהלִיךְ, דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען אָנְגֶעהוֹיבֶּען בְּלִישְׁטְשֶׁען אוּנ עֶר הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט:

— נָאר נָאךְ אַללֶעמֶען... פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז נִישְׁט דָא קֵיין בֶּעסֶערְס אוּנ קֵיין שֶׁאנֶערְס וִוי צוּ זַיין אַ יוּד, אִיךְ וָואלְט זִיךְ מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעבִּיטֶען. אָךְ, אַ יוּד!!...

עֶר הָאט וַוייטֶער גֶעוָואלְט רֶעדֶען, נָאר דִי וֶוארְטֶער זֶענֶען אִיהם שְׁטֶעקֶען גֶעבְּלִיבֶּען אִין הַאלְז. עֶר הָאט נָאר גֶעמַאכְט מִיט דִי לִיפֶּען, גֶעדְרָעהט מִיט דִי אוֹיגֶען אַהִין אוּנ אַהֶער אוּנ לְסוֹף גָאר אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַויינֶען.

— וָואס וַויינְט אִיהר? הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

— פַאר שִׂמְחָה — פַאר פְרֵייד...

— וָואס אִיז פַאר אַ פְרֵייד, וָואס אִיז דִי שִׂמְחָה מִיט אֵייךְ אַזוֹי גְרוֹיס?

— וַוייל אִיךְ בִּין אַ יוּד!!

אִין דֶער מִינוּט הָאבּ אִיךְ דַייטְלִיךְ גֶעזֶעהן וִוי דֶער מֶענְשׁ אִיז בֶּאֱמֶת דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער, אִין דֶער מִינוּט אִיז פוּן דֶעם פַארְדַארְטֶען קְלֵיינֶעם יוּדֶען גֶעוָוארִין אַ פְרֶעהלִיכֶער מֶענְשׁ, גְלַייךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען וִוי אַ סְטְרוּנֶע, אוּנ וֶוען עֶר זָאל נִישְׁט טְרָאגֶען קֵיין אָבְּגֶעריסֶענֶע מַלְבּוּשִׁים, וָואלְט אַ פְרֶעמְדֶער גֶעוִוים גֶעמֵיינְט אוֹיף אִיהם אַז עֶר אִיז וֶוענִיגְסְטֶענְס אַ גְרַאף.

אַךְ, לִיעבֶּער גָאטט! וָואס פַאר אַ טְהַייֶער פָאלְק יוּדֶעלֶעךְ דוּ הָאסְט! וֶוער

פַארְמאגְט נָאר אַנָא פָאלְק! דוּ מֶענְסְט דִיךְ נֶעווִים מִיט זַיי בַּארִיהמֶען פוּן אֵיין עֶק וָועלְט צוּ דֶער אַנְדֶערֶער—אִיז מִיר אוֹיפְגֶעקוּמֶען אִין מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען.— דֶערְטַייל אִיז אוּנְזֶער בַּעַל עֶגְלָה אַרַיינְגֶעפָאהרֶען אִין—לֶעטִיטְשֶׁעוו.

III.

לֶעטִיטְשֶׁעוו, וואוּ אִיךְ בִּין אִיצְט אַרַיינְגֶעפָאהרֶען, אִיז אֵיינְס פוּן דִי פִּיעלֶע שְׁטֶאדְטְלֶעךְ פוּן דֶעם יוּנָא-וַאפַּאדְנִי קְרַאי, וָואס זֶענֶען אָנְגֶעפִּילְלט מִיט יוּדֶען. לֶעטִיטְשֶׁעוו אִיז אַ קְלֵיין שְׁטֶאדְטִיל, נָאר יוּדֶעלֶעךְ גֶעפִינֶען זִיךְ דָארְט בָּרוּךְ הַשֵּׁם אַזוֹי פִּיעל ווִי אִין אַ גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט, עֶס אִיז נָאר אַ ווְאוּנְדֶער ווִי אַזוֹי זַיי פָאמֶעשְׁטְשֶׁען זִיךְ אַלֶע דָארְט; וֶוער ווַייסְט נִישְׁט אַז יֶעדֶער יוּד, אֲפִילוּ דֶער אָרִימְסְטֶער, וָואהנְט נִישְׁט אוֹיף דֶער גַאס, צוּ אוֹיפֶען פֶעלְד ווִי אַ צִיגַיינֶער, יֶעדֶער יוּד מוּז הָאבֶּען אַ שְׁטוּבּ, אַ הַיים וואוּ דֶעם קָאפּ אַנִידֶערְצוּלֶעגֶען, אַלֶלֶע וָואהנֶען אִין שְׁטֶאדְט, נָאר ווִי אַזוֹי?...

דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶאדְטִיל אִיז גְרוֹיס ווִי אַ גֶענִיץ: שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר אַ גְרוֹיסֶען קַיילֶעכִיגֶען פְּלַאץ (פְּלָאשְׁטְשַׁאד), אַרוּם אוּנ אַרוּם שְׁטִיבְּלֶעךְ, אָט דָאס אִיז דִי גַאנְצֶע שְׁטָאדְט! אִין אֵיין זַייט פוּן דֶעם פְּלַאץ צִיהֶען זִיךְ אֲפִילוּ עֶטְלִיכֶע שְׁמָאלֶע עֶנְגֶע גָאסְלֶעךְ, נָאר זַיי וֶוערֶען נִישְׁט גֶערֶעכֶענְט אִין דֶעם כְּלַל פוּן דִי שְׁטָאדְט-גֶאסְלֶעךְ, חָאטְשׁ זַיי הָאבֶּען זַייעֶרֶע נֶאמֶען: דָאס „שׁוּל גֶעסִיל“—וואוּ מֶענֶעהט דַאוְונֶען, דָאס „תַּלְמוּד-תּוֹרָה גֶעסִיל“—וואוּ דְרַיי בָּארְווִיסֶע, נַאקִיטֶע, הוּנְגֶערִיגֶע קִינְדֶער גֶעהֶען צוּם מְלַמֵּד לֶערְנֶען; דֶער מְלַמֵּד הָאט אִין דֶעם גֶעסִיל זַיין אֵייגֶען שְׁטִיבִּיל; ווַייטֶער אִיז דָא דָאס „חֶבְרָה קַדִּישָׁא גֶעסִיל“, ווַייל דוּרְךְ דֶעם גֶעסִיל פִיהרְט מֶען דִי מֵתִים אוֹיפֶען בֵּית עוֹלָם; דָאס „בָּאד גֶעסִיל“, ווַייל אַלֶע ווַייבֶּער גֶעהֶן פַאר נַאכְט אוּנ דִי חֲסִידִים אִין דֶער פְרִיה דוּרְךְ דֶעם גֶעסִיל אִין מִקְוֶה אַרַיין.

אִיצְט קֶענְט אִיהר שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהֶען פַארוָואס דִי גֶעסְלֶעךְ גֶעהֶערֶען נָאר נִישְׁט צוּ דִי שְׁטָאדְט גֶעסְלֶעךְ, ווַייל וֶוען דָארְט זָאל נִיט שְׁטֶעהֶן דִי בָּאד, וָואלְט נָאר קֵיין „בָּאד גֶעסִיל“ נִישְׁט גֶעוֶועזֶען, וֶוען דָא זָאל דֶער מְלַמֵּד נִישְׁט הָאבֶּען זַיין שְׁטִיבֶּעל אוֹיף הִידֶענֶערְשֶׁע פִּיסְלֶעךְ, וָואלְט קֵיין „תַּלְמוּד תּוֹרָה גֶעסִיל“ נִישְׁט גֶעוֶועזֶען א. ז. וו. אוּנ דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט לֶעטִיטְשֶׁעוו וָואלְט נָאר בַּאשְׁטַאנֶען פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען פְּלַאץ מִיט דִי שְׁטִיבְּלֶעךְ וָואס נֶעמֶען אִיהם אַרוּם.

אָט דִי אַלֶע שְׁטִיבְּלֶעךְ הָאבֶּען נָאר אַפָּנִים אַז מֶענְשֶׁען וָואהנֶען אִין זַיי פוּן אֵיין שַׁבָּת צוּם אַנְדֶערֶן, ווַייל אַ גַאנְצֶע וָואךְ וֶוערְט פוּן זַיי קְלֵייטֶען, קְלֵייטְלֶעךְ; דָא פַארְקוֹיפְט מֶען פָאטְשֵׁילִים מִיט צִיץ, דָא בֶּענְדְלֶעךְ, פָאדִים אוּנ נָאדְלֶען, דָא בְּלֶעכֶענֶע וָוארְטֶען מִיט טְשַׁאנִיקִים, דָארְט מוּלְטֶערְס, פֶעסְלֶעךְ, לָאפִּיטִים, רוֹיטְהֶע אוּנ ווַייסֶע לֶעהם, קְמָאלֶע, דִיאַנָאט (וֶוענֶעבְץ), טֶעפְּלֶעךְ אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע נוּצְלִיכֶע סְחוֹרוֹת. פוּנְקְט

אין מיטען פלאץ שטעהט דאס ווייצייגע געמויערטע הויז, דאס איז איינציגליך א לאנגער גרויסער שענק, וואו עס שטעלען זיך אב אלע קריסטען וואס קומען אויף יריד, אין די ווענד פון דעם לאנגען הויז זענען ווידער דא לעבער מיט שאפקעלעך — זיי רופען עס אן „קלייטען", אבער אזוי פיעל אז עס איז פשוט נישט מעגליך איבער צו צעהלען, אין זיי פארקויפט מען אויך די סחורות וואס איך האב פריהער אויסגערעכענט.

איך מוז אייך זאגען דעם אמת, אז מיך האבען שטענדיג די קליינע שטעדטלעך אינטערעסירט מעהר פון אלע גרויסע שטאדט, אזוי אז איך האב בעשלאסען צו בלייבען א פאר טאג אנקוקען דאס קליינע שטעדטיל. יא, שוין פון לאנג אינטערעסירען מיך די קליינע יודישע שטעדטליך מיט די איינגעהויקערטע קליינע שטיבלעך און לעבער, מיט די קוטינע פערדארטע יודען, פארטעבערטע, פארדריפעטע ווייבער... די שטאד־טלעך זענען די „טשערטא" וואו עס וואהנט דאס יודישע פאלק... אונזער יודישע מאסע! וויפיעל איז דא אזוינע שטאדטלעך וואס מיר קעננען אפילו זייערע נעמען נישט? ווער שמועסט נאך פון דעם לעבען וואס די אומגליקליכע מענשען פיהרען דארט?

איידער עס זענען ביי יודען געווען גאזעטען, האט מען פון דעם יודישען לעבען גאר קיין חשבון נישט אבגעגעבען, מעהאט נאר געוואוסט אבדרוקען אלע יאהר פאר יודען נייע ש"ס מיט מוסר ספרים, און די יודישע מאסע האט בעדארפט זיצען אין די בתי מדרשים און לערנען, דערמיט האט מען דאס יודישע פאלק אין גאנצען פאר־זארגט, און פאר די ווייבער איז געווען דער „צאינה וראינה" מיט „מנורת המאור", „קב הישר" און נאך אזעלכע ספרים, תחנות און בבא־מעשות, מיט נסים פון די גוטע יודען. ערשט זייט מיר האבען אונזערע גאזעטען האט מען אנגעהויבען שרייבען פון יודען נייעס, אבער פון וועלכע יודען שרייבט מען? פון ראטהשילדען, באנקע־יארען און פון אנדערע רייכע יודען פון גרויסע שטאדט, מעשרייבט אפילו פון אנדערע גרויסע מענשען: פון ביסמארק, גלאדסטאן, פון דעם טערק, דעם אראבער און פון וועמען איהר ווילט, אפילו ווי אזוי מע מאכט שווארצע טינט און וואס מען דארף איינעמען אז מע האט קדחת, אבער פון דער יודישער מאסע — געפינט איהר זעהר זעלטען עפעס אין די גאזעטען, מע פארגעסט גאר אן זיי, מע ווילל גאר ניט וויסען אז דריי מיליאן פון די פיער מיליאן רוסישע יודען לעבען אין די קליינע שטאד־טלעך, דאס זענען די יודישע דארפער, דא ליגט אונזער נאראדנאסט!

---

„זיין בעל עגלה האט מיך, ווי דער שטייגער איז, פארפיהרט אויף א אכסניא.

איך מוז פריהער בעמערקען אז חאטש זיין א אכסניא אין א קליין שטעדטיל קאסט דעם פאסאזשיר אייך גענוג געלד, ווי אין דער גרויסער שטאדט אין האטעל אדער אין א גאסטיניצא, אבער דא איז נישט איינגעפיהרט ווי אין א האטעל, וואו

דָארְט דַארְפְט אִיהר גָאר נִיט שַׁאפֶען וּבִפְרַט נָאךְ שְׁרַייעֶן פַאר אַייעֶר גֶעלְד, אוּמֶעטוּם זֶענֶען דָא גְלֶאקְלֶעךְ, אִיהר דַארְפְט נָאר אַ קְלִינְג טְהוּן, יַאוֶועט זִיךְ פוּן אַלֶע זַייטֶען דִיעֶנֶער, קֶעלְנֶערְס אוּנ וֶוער אִיהר ווִילְט נָאר, אַבִּי אַ גִילְדֶען; אָבֶּער אִין דִי קְלַיין שְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע סְטַאנְצְיֶעס וֶועט אִיהר אַייךְ אֲפִילוּ פַאר אַבְּט גִילְדֶען פַאר אַ שָׁעָה נִישְׁט דֶערשְׁרַייעֶן אוֹיף אַ סַאמָאוַואר, אוּנ עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ וֶועט זִיךְ אוֹיסְלָאזֶען אַז עֶנְטְווֶעדֶער דָאס וַואסֶער הָאט נִישְׁט גֶעזָאטֶען, אָדֶער עֶר וֶועט טְשַׁאדֶען אוּנ עֶס וֶועט אַייךְ אוֹיסְפַאלֶען בָּאקָאם, אַיידֶער אִיהר וֶועט דֶערְלֶעבֶּען אוֹיסְצוּטְרִינְקֶען אַ גְלָאז טְהֶעע.

דָאס אַייגֶענֶע אִיז גֶעוֶוען מִיט מִיר. גֶעוֶועהְנְלִיךְ אַז מֶע קוּמְט מִיעד פוּן אַ וֶועג ווִילְל מֶען טְהֶעע; אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה הָאבּ אִיךְ גֶעשְׁרִיעֶן: מְשָׁרֵת! (אַזוֹי רוּפְט מֶען דָארְט דֶעם בֶּעדִיעֶנֶער פוּן דֶער אַכְסַנְיָא), נָאר קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט אָנְגֶערוּפֶען. אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן: בַּעַל־בַּיִת־טֶע! עֶס הֶעלְפְט אַלְץ נִישְׁט. וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעזָאלְט טְהוּעֶן? בִּין אִיךְ אַלֵיין גֶעגַאנְגֶען זוּכֶען אֵיינֶעם פוּן דִי צְוַויי אוּנ בִּין מִסְתָּמָא פוּנְקְט אַרַיינְגֶעקְרָאכֶען אִין קִיךְ אַרַיין. עֶס הָאט מִיר שׁוֹין זֶעהר בַּאנְג גֶעטְהוּן וָואס אִיךְ בִּין אַרַיין אִין דֶעם גֵיהִנָם, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען פַארְפַאלֶען, צוּרִיק גֶעהְן הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעפַּאסְט.

אִיךְ הָאבּ אָנְגֶערוּפֶען דֶעם אָרְט וואוּ אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעקוּמֶען „גֵיהִנָם", אוּנ זָאג נָאךְ אַמָאל עֶס אִיז גֶעוֶוען אַיין אֱמֶתֶער גֵיהִנָם! דִי גַאנְצֶע קִיךְ וָואס אִיז גְרוֹיס ווִי מֶע זָאגְט – פִיעֶר שְׁפַּאן, דֶערפוּן פַארְנֶעמְט דְרַיי קְוַואדְרַאטְנִי אַרְשִׁין דֶער קָאךְ־אוּנ בַּאק־אוֹיבֶען, הִינְטֶער דֶעם שְׁטֶעהְט דָארְט: אַ טַאפְטְשַׁאן, אַ בֶּעטִיל וואוּ צְוַויי קִינְדֶער שְׁלָאפֶען, הַיינְט פַּאלִיצִים מִיט טֶעפְּלֶעךְ, לַאדִישְׁקִים, אַ פַאס מִיט וַואסֶער, אַ צוּבֶּער, צְוַויי מוּלְטֶערְס, אַ לָאקְשֶׁענְבְּרֶעט, קָאטְשֶׁערֶעס מִיט לָאפַּאטִים אוּנ אַזוֹי אָבְּגֶעבְּרֶענְטֶע שְׁטֶעקִינְס, אַלֶערְלַיי קְלִימְקֶעלֶעךְ, דָאס אַלְץ אִיז אָנְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ בַּיי דִי וֶוענְד, אֲפִילוּ דִי סְטֶעלְיֶע (פָאטָאלָאק) אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען לֵיידִיג, דָארְט הָאבֶּען גֶעהַאנְגֶען אַ זִיפּ, אַ פֶענְדִיל, אַ בֶּעקֶען, פַארְבְּרֶענְטֶע טְרַאפֶּקֶעס, קִינְדֶערְשֶׁע גֶעוַואשֶׁענֶע הֶעמְדְלֶעךְ צוּם טְרִיקֶענֶען... אַז אִיךְ הָאבּ נָאר אִיבֶּערגֶעטְרֶעטֶען דִי שְׁוֶועל פוּן דֶער קִיךְ, הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַזוֹי פָּאפַּאדִיט, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ מֶעהר נִישְׁט גֶעקָאנְט רִיהְרֶען נִיט אַהִין אוּנ נִיט אַהֶער. אִין קִיךְ אִיז גֶעוֶוען אַ גֶעשְׁרַיי מִיט קוֹלוֹת וָואס מֶע הָאט זִיכֶער גֶעהֶערְט אִין זִיבֶּעטֶען הִימֶעל אוּנ קֵיינֶער הָאט גָאר נִישְׁט בַּאמֶערְקְט אַז אַ פְרֶעמְדֶער אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען; אוּנ דָאס אִיז גָאר קֵיין וואוּנְדֶער נִישְׁט, אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אוֹיךְ קֵיינֶעם נִישְׁט גֶעזֶעהְן, אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעהֶערְט קוֹלוֹת, וַויינֶען, שְׁרַייעֶן, קְווִיטְשֶׁען; בִּיז מַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעוָואהְנְט צוּ דֶעם פִינְסְטֶערְן גֶעדִיכְטֶען שַׁיין אִיז פַארגַאנְגֶען אַ צַייט, דֶערְנָאךְ הָאבּ אִיךְ עֶרְשְׁט דֶערזֶעהן דֶעם פְּרִיפֶּעטְשֶׁעק, פַאר אִיהם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ יוּדֶענְע פוּן אַ יָאהר זֶעכְּס אוּנ דְרַייסִיג אוּנ הָאט גֶעקָאכְט אָנְבַּייסֶען, אוֹיף אַיין הַאנְד הָאט זִי גֶעהַאלְטֶען אַ זַייגֶענְדִיג קִינְד בַּיי דֶער בְּרוּסְט, אוּנ אִין דֶער אַנְדֶערֶער – אַ שְׁטֶעקֶען,

מיט וועלבען זי האט גערוקט די טעפּלעך באלד אהער באלד אהין. באלד איז זי געלאפען צו איין זייט קיך, באלד צו דער אנדערער, אדער צום טאפּטשאן, — מיט איין ווארט אומעטום איז זי געווען פול און האט קיין מינוט נישט גערוהט, נאר די דריי קינדערלעך וואס זענען דא געווען האבען זי אפּט געשטערט אין איהר ארבייט, די קינדער האבען געוויינט, געשריגען, דאס האט פערלאנגט איינס, דאס עפּעס אנדערש, דאס קליינע קינד ביי דער ברוסט האט מסתמא אויך נישט געשוויגען, עס איז געווען א גאנצער קאנצערט.

נאך אלאנגער צייט האט מיך ענדליך די יודענע באמערקט און האט זיך צושריגען אויף די קינדער:

„שטילער! לאס איך הארען וואס דער אורח רעדט!”

די קינדער האבען זיך דערשראקען און אויפגעהערט צו וויינען און האבען זיך באהאלטען אונטער דער מוטערס פארטוך און צווישען די פאלדען פון איהר קלייד.

איך האב פערשטאנען אז דאס איז די בעל־ביתטע און האב זי געבעטען א סאמאוואר. דא האבען זיך ערשט אנגעהויבען נייע קולות. די בעל־ביתטע האט זיך צושריגען:

— אדונער האט מיך דערשלאגען! דער אורח וויל א סאמאוואר און איהם האט דער רוח אוועקטראגען! וואו איז ער ערגיץ? ער זאל אזוי כח האבען צו לעבען ווי איך האב כח נאר צו שרייען „משרת!”... אצרה אין זיין פנים, ער האט אפשר היינט נישט געפרעסען?” זי האט אנגעהויבען שרייען מיט אשרעקליך קול: משרת! שטעל אויף פאר דעם אורח אסאמאוואר!”

אזוי האט זי אוועק געשריגען אשטיקעל צייט און אין מיטען געשריי אלע מאהל מיך געבעטען זיטצען, חאטש פלאץ ווי צו זיטצען האט זיך אין קיך נים געפינען.

איך האב געזעהן אז פון איהר שרייען וועט גאר נישט ווערען און עס איז א מעשה אהן אסוף, האב איך געזאגט:

— זייטשע מוחל, בעל־ביתטע, פון אייער שרייען וועל איך קיין טהעע נישט טרינקען. זי האט אוועק געלעגט די אינסטרומענטען פון דעם אויבען און האט זיך אונטערגעשפּארט מיט דער האנד אויף דעם פריפּעטשעק.

— איהר זענט אוודאי גערעכט ליבער יוד, פון מיין שרייען וועט גאר נישט ווערען, אם אזוי שריי איך מיך אן אגאנצען טאג אומזיסט, אזוי ווערט מען פארשווארצט אז מען איז בעל־ביתטע, אלע טאג ווערט מיר די גאל צוזעצט פון יעדער זאך און אז איך טהוע נישט אליין, פאלט עס מיר אוים באקאם. אלץ אויף מיינע הענד, פון קליין ביז גרויס. דא די קינדערלעך, דא דער מאנן, דא דארף מען קאכען מיטטאג, דא קומט אקונה

אין קלייט אריין, דא איין אורח. מה מען איהם אויך בעדיענען. צו וואס דען האלט איך איין אבסניא? איהר זעהט דאך אליין ווי אזוי מען קען זיך פארלאזען אויף די משרתים, אונ אז איך וועל נישט אבהיטען די אורחים וועלען זיי צו מיר מעהר נישט פארפאהרען.

אין אנהייב איז מיר דאס גאר נישט אנגענעהם געוועזען. איך בין געוועזען מיעד פון דעם וועג, האב געוואלט טרינקען טהעע אונ מוז גאר פלוצים אויסהערען ווי די בעל-ביתטע רעדט זיך אויס דאס הארץ; דערנאך אבער, האבען מיך איהרע רייד אנגעהויבען אינטערעסירען.

— נא האלט דיענסטען אדער אליטישען משרת, האב איך איהר איין עצה געגעבען, וועט איהר נישט דארפען אזוי הארעווען אונ זיך אומזיסט אויסעסען דאס הארץ אונ שרייען; פאר א בעל-ביתטע איז גענוג די שטובארבייט מיט די קינדערלעך וואס פערלאנגען מען זאל זיי שטענדיג אבהיטען.

— איהר זאגט איך זאל האלטען דיענסטען מיט אליטישען משרת? איהר זענט אוודאי געערעכט, ליעבער יוד, איך וואלט עס געוויס געטהון, וועלכע בעל-ביתטע וויל דאס דען נישט? נאר טראגט מיר דען דארויף? איך דאנק גאט אז איך מיט מיין מאנן אונ די קינדערלעך לעבען אב די וואך...

— פון דעסטוועגען האלט איהר דאך אמשרת. פאר דעם געלד קענט איהר האלטען אמשרת וואס זאל אייך זיין נוצליך...

— פארשטעהט זיך אז די אבסניא זאל טראגען אויף צו צאהלען וואלט איך מיר ניט בעדארפט אבבייסען דאס געזונד שרייענדיג.

— איך פארשטעה אייך נישט. פאר וואס-זשע דיענט ער ביי אייך? פאר עולם הבא?

— ניין, ליעבער יוד, פאר עולם הבא טהוט היינט קיינער ניט קיין האנד אין קאלט וואסער אריין, דאס דערצעהלט מען פון אמאליגע יאהרען, ווען מיין באבע עליה השלום האט נאך געהאלטען די אבסניא, זי...

געוויס האט זי זיך געוואלט אריינלאזען אין אשמועס פון די אמאליגע יאהרען, אדער פון איהר באבען, נאר צו מיין גרויס גליק האט אטעפיל אנגעהויבען זיעדען, זי האט עס מיט דעם שטעקיל ארויסגערוקט, איך האב דערווייל באנוצט די געלעגענהייט אונ אנגעהויבען ווידער מיין פריהערינען שמועס:

— פאר וואס-זשע דען איז ער ביי אייך, אז קיין געלד צאהלט איהר איהם ניט?

— ווערדליג איך זעה, ר' קרוב, זענט איהר ביי אונז אין שטעדטיל דאס ערשטע מאל, דערפאר וועל איך אייך דערצעהלען, אז דא איז נישט אזוי ווי אין דער גרויסער שטאדט, וואו איין אבסניא איז טאקי איין אבסניא אונ אורחים פאהרען אריין אונ ארויס. דא טרעפט זיך איין אורח איין מאל אין אכט טאג, אונ ניט יעדער אורח גיט צו לייזען פאר אסאמאוואר...

— אויב אזוי וואס טויג אייך נאך האלטען איין אבסניא?

זי האט מיך אָנגעקוקט גלייך ווי איך וואָלט איהר פאָרגעלעגט אַ מְשוּגעֶנע שאֵלָה, ווי גלייך זי האָרט די שאֵלָה צום ערשטען מאָל.

– איך פאַרשטעה איך ניט, מיין ליעבער יוד, וואָס הייסט איך זאָל ניט האַלטען די אַכְסַנְיָא. וואו־זשע וועל איך נעמען צו לעבען מיט מיין מאַנן און קינדערלעך?

– וואָס הייסט וואו? איהר האָט דאָך זיך געזאָגט אַז איהר האָט אַקְלייט אויך? און ווידער פאַרדינגט מען די אַכסניא שכנים, וועט עס אויך מעהר טראָגען ווי פון די אורחים, און איהר וועט פאַרשפּאָרען האָבען קלאָפּאָט. דאָס אַליין האָט אויך אַ וועדבּה, איהר וועט האָבען מעהר צייט זיך אָבצוגעבען אין קלייט און אין שטוב.

אַנשטאָט מיר צו ענטפערן האָט זי געגעבען אַ ביטערן זיפץ פון דעם טיעפען האַרצען און טהרערען האָבען זיך איהר געלאָזט פון די אויגען, האָטש מען האָט ניט געקאָנט באַמערקען אַז זי וויינט, נאָר איך האָב דאָס געזעהן.

נאָך עטליכע מינוט האָט זי זיך אָנגערופען:

– דאָס איז טאַקי דאָס אומגליק וואָס יעדער מיינט אַז דער יוד שאַרט געלד מיט לאָפּאַטים, און פאַר וואָס זאָל מען ניט מיינען? אַט איהר אַליין וואונדערט זיך, איהר זעהט אַז איך האָב איין אַכסניא, אַקלייט, מיין מאַנן האַנדעלט נאָך אין מאַרק צו ביסלעך היינט פאַר וואָס זאָלען מיר ניט שאַרען מיט לאָפּאַטים, אָדער וועניגסטענס פאַרדיענען אויף ברויט? און אַז די אַכסניא איז ניט אַזוי גוט, ראָטה איהר מיך איך זאָל זי פאַרדינגען שכנים, איהר מיינט אַ פּנים אַז אין אַקליין שטאָדטדיל פיהרט זיך ווי אין אַגרויסער שטאָדט, ניין! פרעגט פריהער צו עס וועט זיך נאָר געפינען אַשכן ער זאָל ביי מיר נעמען איך זאָל איהם אפילו אריין לאָזען אומזיסט? אַז עס קומט ווינטער מוז איך פאַר־שלאָגען די גאַנצע אַכסניא, וואָרום הייצען טראָגט ניט, סיידען עס קומט אַמאָל איין אורח און וויל עס זאָל איהם זיין וואַרם הייצט מען אונטער.

– אָבער ניט אַלע האָבען אייגענע שטיבער, עס זענין מסתּמא דאָ אַזוינע אויך וואָס דינגען דירות?

– יאָ, עס איז דאָ, נאָר אומשטיינס געזאָגט, אַז עס געפינט זיך שוין אפילו אַשכן, וואָס קען מען האָבען פון איהם? אַזוינע שכנים וואָס זאָלען דינגען צוויי דריי שטיבלעך, וויפיעל עס געפינט זיך אין מיין אַכסניא, איז טאַקי זעלטען. אַיוד אַליין וואָס האָט אַווייב מיט צוויי דריי קינדערלעך דינגט אַקליינעם אַלקער, און אויף איין אַלקער איז שוין ביי אונז אַפּרייז פופצעהן צוואַנציג רובעל אַיאָהר מיט דעם בעל־הבית'ס הייצען דעם אויבען און די רובע, חוץ וואַסער; איהר וועט בּוודאי פרעגען: ווי אַזוי קען עס זיין, אַז אַרובע מיט איין אויבען פאַרהייצען קאָסט אַפילו אין אַקליין שטאָדטיל טהייערער פון צוואַנציג רובעל? מוז איך איך זאָגען, אַז די אַלקערס זענין טאַקי אַזוי געמאַכט געוואָרען אַז די האַלבע רובע געהט אַריין צום בעל בית אין שטוב און די אַנדערע העלפט צום שכן אין אַלקער, אַזוי אַז ווען מען הייצט די רובע איז וואַרם ביים בעל בית און פון איין אויבען איז נאָר קיין רעדע ניט. וויפיעל שכנים עס זאָלען וואָהנען ביי אַבעל בית, קאָכט מען אַלין ביי איין אויבען. אָבער פאַרדינגען מיין אַכסניא, ווען עס זאָל זיך

אפילו געפינגען אבעלן, קען איך הערבסטענס געמען דרייסיג רובעל אַיאָהר און צוויי רובעם פאַרהייצען וועט מיך אַליין קאָסטען פיערציג קערבלעך.

איך האָב געזעהן אַז מיין בעל־בית'טע איז גערעכט.

— נאָ און די קלייט? מסתמא לייזט איהר דאָך, ווייל ווען ניט וואָלט איהר זי ניט געהאַלטען?

— חא, חא, חא, האָט זי זיך צולאַכט. נאָר ווי איך האָב געזעהן איז דאָס געווען אַ געלעכטער פון צרות, אַזאַ געלעכטער רייסט דאָס האַרץ און עס איז פיעל גרינגער צו הערען וויינען איידער אַזאַ לאַכען. — „אומשטיינס געזאָגט מיין קלייט, מיין קראָם, מיינע שונאים מיט אייערע שונאים זאָלען דאָס פאַרמאָגען וואָס מיין קראָם טרעפט אָן און וואָס איך לייז אַוואָך“... האָט זי מיר געענטפערט.



איך בין מעהר נישט אים שטאַנד געווען אויסצוהערען די יודענע דערצעהלען פון איהרע פרנסות — און בין אַוועקגעגאַנגען. אין האַלדז איז מיר געווען אַזוי ווי עס שטיקט מיך עפּעס, דאָס האַרץ אַזוי שווער אַז איך האָב באַלד געמוזט אַוועקגעהן צו דער בריק, דאָס איז דאָס איינציגע שטיקעל אָרט וואו די לופט איז אַביסעל ריינער און פרישער, דאָ שפּאַצירען אַלע שבת נאָך דעם שלאָף אַלע לעטיטשעווער יונגע לייט, איינגענטליך נישט אַלע, נאָר די וואָס רעדען זיך איין אַז זיי געהערען צו דער היינטיגער וועלט.

איצטער אין דער וואָכען בין איך געווען דער איינציגער וואָס האָט שפּאַצירט אויף דעם לעטיטשעווער „בולוואַר“. איך בין דערפון געווען זעהר צופריעדען, ווייל איך האָב טאַקע געווינשט צו זיין אַליין מיט זיך... עס האָט מיר אָבער נישט געהאָלפען, די בעל־בית'טע מיט איהר משרת, וואָס וויל אויך נישט דיענען פאַר עולם הבא, זענין מיר געקראָכען אין אין קאָפּף אַריין.

— קטייטש, האָב איך מיך געפרעגט, אַיוד וואָס האָט איין אייגענע שטוב, איין איינ־פאַרהויז, אַקלייט, דער מאַנן האַנדעלט צו ביסלעך אין מאַרק, און נאָך די אַלע פרנסות האָט מען קוים פון וואָס צו לעבען, און אומשטיינס געזאָגט וואָס פאַר אַלעבען: עס טראָגט זיי אַפילו נישט צו האַלטען אַדיענסט און צו צאָהלען אַמשרת? ווי אַזוי־זשע לעבען די איבריגע יודען, וואָס האָבען נישט־קיין אייגען הויז מיט איין אייגענער קלייט? אמת אויף יודען איז־קיין שאלה נישט פון וואַנען זיי לעבען, יעדער ווייסט אַז דער יוד לעבט פון דעם ווינד, ער טהוט זיך אַדרעה אַהין און אַהער — און לעבט יאָקאָש; דאָס איז נאָר געזאָגט, מיט ווייב און קינדער קען מען נישט לעבין פון דעם ווינד אַלליין, אויף צו לעבען מוז מען האָבען עפּעס אַקוועלע, פון וואַנען מען זאָל ציהען פרנסה; פון וואַנען זשע לעבט אַיוד? אַז דאָס קלייטיל טראָגט נישט, די אַכסניא טראָגט נישט, די איינציגע זאַך וואָס אַיוד קען האָבען זיין אייגענס — אַהויז אין שטעדטיל — טראָגט אַפילו נישט צו

באהייצען ?... פון וואס אנדערע מענשען ניט קיין יודען לעבען געוועהנליך, זעהן מיר: דער איז א זעמלעדעלעץ (אקערבויער), דער א ראבאטשי, דער א דיענער אונ דעסט־גלייכען. דער יוד איז צום מייסטען א קרעמער, א סוחר, א לופט־פארדיענער אונ ווייסט אליין קיין מאל נישט פון וואס ער לעבט, פון וועלכער קוועלע ער ציהט זיין פרנסה, ער ווייסט נאר אז ווען זיין ווייב פרעגט איהם: וואו וועלען מיר נעמען אויף שבת? אויף ברויט אין דער וואכען? ענטפערט ער: גאטט וועט אונז באשערען, גאטט וועט אונז צושיקען. שטענדיג ווארט דער יוד אויף א נס, זיין גאנץ לעבען איז געשטעלט אויף נסים, נאר קען מען זאגען אז ווען מע רעכענט נאר אויף נסים הייסט געלעבט? א נס טרעפט זיך זעלטען אונ לעבען דארף מען אלע טאג, אלע מינוט! ביטער, זעהר ביטער איז אזא לעבען!

איך געדענק נישט אקוראט צו איך האב דעם לעטיטשעווער בולוואר טרויעריג געמאכט, צו ער מיך, נאר דאס געדענק איך, אז איך בין פון דארטען זעהר טרויעריג אוועקגעגאנגען.

---

ניט אומזיסט זאגט מען א שפריכווארט: „דער מארגען איז קליגער פון דעם אבענד", וואס איך האב געכטען נישט געוואוסט איז מיר היינט פארענטפערט געווארען.

גאנץ פריה, איך האב נאך נישט אויסגעיעט צו עפענען די אויגען, האט זיך אויפגעמאכט די טהיר פון מיין שטיביל אונ עס איז אריין איינער מיט א סאמאוואר, ער האט איהם אנידערגעשטעלט אויפן טיש אונ איז אוועקגעגאנגען. דאס איז געשעהען אזוי גיך אז איך האב אפילו נישט געקאנט באמערקען ווער עס איז געווען: די בעל־בית־טע אדער דער משרת.

דאס זידען אונ זשומען פון דעם סאמאוואר האט מיך נישט נאר אין גאנצען אויפגעוועקט פון דעם שלאף, נאר אויך פרעהליכער געמאכט. איך בין אביסעל לעבעדיגער פון דעם בעט אויפגעשטאנען. עס איז גאר קיין וואונדער נישט, עפעס א קלייניגקייט! עס איז גרינג צו זאגען: איך זעה פאר מיר אין דעם לעטיטשעווער „האטעל" א זידענדיגען סאמאוואר, אונ האב אפילו קיין איינציג מאל נישט באדארפט א געשריי טהון מע זאל איהם ברענגען. גלייבט מיר אז איך האב מיך געמענט פרייען, אזא גליק פאר איין אורח טרעפט זיך אין א קליין שטאדטיל זעלטען.

אז איך בין שוין געוועזען האלב אנגעטהון, האט זיך ווידער געעפענט די טהיר, דעמאלט האב איך שוין געזעהן ווער עס איז אריינגעגאנגען; דאס איז געווען: צוויי גרויסע לאנגע שטיוועל וואס האבען מיט א משונה קול געסקריפעט, נישט נאר מיט די פאדעשוועס, נאר אפילו מיט די האליעוועס. די צוויי שטיוועל זענען גלייך צו געגאנגען צום טיש, דעמאלט האב איך באמערקט אז פון זיי האבען ארויסגעשטעקט צוויי פיס אונ א ביסעל העכער א פאר גראבע פארשמירטע שווארצע הענד, אויף אויף די אקסלען א טלית קטן מיט א קאפ מיט האר אונ א בארד מיט אזא גרויס

מ. ספעקטאר.



# וועגס־לייט

(בילדער)



HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.
1909.

# װעגס־לַייט

(בִּילְדֶער)

פֿוּן

מ. סְפֶּעקְטָאר.

## I.

אִיךְ הָאבּ גֶעמוּתְט אַװעקְפָאהרֶען. אִיךְ בִּין דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעװֶוען אִין װֶעג, װאוּ מֶ׳עזֶעהט נִיט דִי יוּדִישֶׁע עֶנְגֶע גַאסֶען אוּנ שְׁטִיבֶּער; אִין װֶעג װאוּ מֶ׳עזֶעהט נִיט קֵיין צְדָדִים אִיבֶּער אַ שׁוֹחֵט. װאוּ מֶ׳עהֶערְט נִיט קֵיין גֶעפַּאטְשֶׁעדַיי אִיבֶּער דֶער אױבֶּערְשְׁטֶער בַּאנְק, — אִין װֶעג װאוּ מֶ׳עזֶעהט נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע װַייבֶּער מִיט אַ הַאלְז פֶּערִיל מִיט פַארְדְרִיפֶּעטֶע קְלֵיידְלֶעךְ בִּיז אוּנְטֶער דֶעם גַארְטֶעל, — אִין װֶעג װאוּ מֶ׳עזֶעהט נִיט דֶעם שְׁטֶענְדִיג פַארְקְלָאגְטֶען, פַארְזָארְגְטֶען יוּדֶען מִיט זַיין שְׁטֶענְדִיגֶע לױפֶעדַיי. פְלִיהֶעדַיי אוּנ מִיט זַיין אֵייבִּיג קֵיין צַייט נִיט הָאבֶּען!

דָארְט אִין װֶעג הָאבּ אִיךְ בַּאגֶעגֶענְט שְׁטִילֶע בּױֶערן װָאס הָאבֶּען שְׁטֶענְדִיג צַייט אוּנ טְהוּעֶן יֶעדֶע זַאךְ פָאװָאלִי, זַיי אַרְבֵּייטֶען פָאװָאלִי, זַיי גֶעהֶן נָאךְ דֶעם אַקֶער פָּאװָאלִי, טְרַייבֶּען דִי אָקְסֶען פָאװָאלִי... אוּנ מַאכֶען שְׁטֶענְדִיג בֶּעסֶער פוּן דֶעם פְלִיהֶענְדִיגֶען קְלוּגֶען יוּדֶען! קוּקְט זְשֶׁע אָבֶּער אָן דֶעם בּױֶער װִי עֶר אִיז גְלַייךְ װִי אַ סְטְרוּנֶע, גֶעזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק!

װִי אִיךְ בִּין נָאר פוּן דֶער שְׁטָאדְט אַרױסגֶעפָאהרֶען אוּנ הָאבּ דֶערְזֶעהֶן דָאס עֶרְשְׁטֶע גְרִינֶע בֵּיימִיל, דִי עֶרְשְׁטֶע פֶעלְדְפֵייגֶעלֶעךְ פְלִיהֶען, דֶערְפִיהלְט דִי פְרִישֶׁע לוּפְט, אִיז מִיר גֶעװָארֶען אַזױ גְרִינְג אוּנ אַנְגֶענֶעהם, װִי גְלַייךְ אִיךְ הָאבּ פוּן מַיינֶע פְּלֵייצֶעס אַרָאפְּגֶעװָארְפֶען אַ בַּארְג מִיט עֶרְד. עֶס הָאט זִיךְ מִיר אױסגֶעװִיזֶען אַז אָט װֶעל אִיךְ מִיר אִיצְטֶער אױפְהֵייבֶּען אִין דֶער לוּפְטֶען אוּנ נָאכְפְלִיהֶען דֶעם פֵייגֶעלֶע אוּנְטֶער דֶעם בְּלױֶען הִימֶעל אוּנ װֶעל קוּקֶען אַרָאפּ אוּנ װֶעל אַלֶץ זֶעהֶן װָאס מַיין הַארְץ גְלוּסְט זִיךְ..

קֵיין מָאל הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִיט גֶעפִיהלְט אַזױ גְלִיקְלִיךְ װִי אִיצְטֶער, חוּץ אֵיינְמָאל אִין מַיין לֶעבֶּען — אִיךְ גֶעדֶענְק עֶס װִי הַיינְט: אַ גַאנְץ יָאהר בִּין אִיךְ אַמָאל קְרַאנְק גֶעװֶעזֶען אוּנ זִיךְ גֶעהָאדְעװֶעט מִיט שְׁטוּב לוּפְט, אַ גַאנְץ יָאהר זֶענֶען אַלֶע מַיינֶע גְלִידֶער

היטעל, אז מע האט קוים דעם קאפ ארויסגעזעהן. דאס איז געווען דער משרת, וועלכער האט געבראכט א גלאז מיט א טשיינ׳יק.

— נאט אייך א גלאז, ר׳ יוד, אונ טרינקט טהעע. האט ער ארויסגעלאזט אזוינע רייד, געדריכטע ווערטער, אז עס האט זיך מיר אויסגעוויזען ווי גלייך מע האט עפעס הילכיגעס ארויפגעווארפען אויף דעם טיש. אלליין איז ער געבליבען שטעהן, גלייך ווי מע האט זיינע צוויי שטיוועל אריינגעגראבען עטליכע ארשין אין דער ערד.

— איהר זענט דא א משרת? האב איך געפרעגט.

— יא, ר׳ יוד, איך בין דא א משרת, האט ער אויסגע׳שאסען ווי פון א הארמאט (קאנאנע) אונ אבגעשאפעט ווי גלייך ער האט געטהון די שווערסטע ארבייט.

— וואו זשע זענט איהר געכטען געווען? אייער בעל ביתטע האט אויף אייך געכטען געשריגען.

— זי האט געשריגען, ר׳ , נא האט זי געזאלט שרייען! פון וואנען האב איך געקאנט וויסען, ר׳ יוד, אז איין אורח איז געקומען? פאר וואס האט זי מיך נישט געשיקט רופען אז איין אורח איז געקומען, ווי תמיד? אט בין איך איצט געקומען, געזעהן אז איין אורח איז דא, בין איך אויך דא!

איך וועל אייך מודה זיין, ליעבע לעזער, אז איך האב נישט געפונען קיין ווארטער צו ענטפערן, עס האט זיך מיר אויסגעוויזען אז ער האט רעכט, אונ באמת פון וואנען האט ער געזאלט וויסען אז איין אורח איז געקומען? פאר וואס האט מען איהם נישט געשיקט רופען? איז ער דען א נביא?

ער האט מיר ווייטער דערצעהלט אז ער איז א משרת אין צוויי אכסניות, דא עסט ער אין דער פריה אונ דארט ביי נאכט, ווי עס קומט איין אורח שיקט מען איהם רופען ער זאל באדיענען, זיינע בעלי בתים צאהלען איהם נישט, ער האט נאר דאס וואס די אורחים לאזען איהם איבער איין אדיעזדני, דערפון לעבט ער מיט זיין ווייב אונ קינדער.

צווישען יודען האט אזא פארזעהעניש אויך א ווייב!

ער האט זיך פאר מיר באקלאגט אז רחטשע די שמש׳טע האט איהם פארשטערט זיין גאנץ לעבען פון תמיד אן. ווען ער איז נאך געווען א בחור איז איהם גוט געגאנגען, האט איהם רחטשע נישט געלאזט לעבען: סטייטש א יוד טאר נישט זיצען אהן א ווייב, קלענט זי מיט איהם טאג ווי נאכט טענין, ביז ער האט רחטשען נישט געקאנט אבזאגען אונ האט געמוזט חתונה האבען, דערנאך זענען אוועקגעגאנגען עטליכע יאהר אונ ער האט קיין קינדער נישט געהאט, האט איהם רחטשע ווייטער נישט געלאזט לעבען: סטייטש ווי קען א יוד זיצען מיט א ווייב אהן קינדער? האט ער צו ליעב רחטשען געמוזט געטען דאס ווייב אונ געמען איין אנדער ווייב אונ זי מאכט גליקליך דאס יודענטהום אללע יאהר מיט א נייעם יודען.

אט די פרומע יודענע, רחמטשע די שמש׳טע, וואס צווינגט יודען צו מצות אונ לאזט דאס יודענטהום נישט פאלען, פארדיענט געוויס איהר נאמען זאל בלייבען לזכרון צווישען יודען!

# IV.

מיין בעל־ביתטעס קלייט איז געווען ווי אללע יודישע קלייטען, טאקע ביי איהר אין שטוב, ד. ה. אויף דער גאס איז געווען אויסגעשלאגען א פיערעקקעדיג לאך מיט א לאדען אהן א פענסטער, אין דעם לאך איז געלעגען די גאנצע קראם, לאפאטעס, קאנטשערעס, מילטערס, ביינוועלעך, ליכט, גאז, צוקער, שווארצע ראזשיקעס, געלאשענע קיילען, גרויער לעהם, בלעכענע משיניקעס מיט גלעזערנע פלעשער אונ גלעשלעך, ציבעקים, א. ז. וו., מיט איין ווארט — וואס איהר ווילט. גאר די גאנצע קלייט מיט די טויזענדער מינים סחורות האט געקאסט באטרעפען העכסטענס פינף אונ צוואנציג רובל

היינט איז מיין בעל־ביתטע געזעסען פון פריה מארגען אן אין קלייט, ווייל היינט איז געווען פרייטאג — דער לעטיטשעווער קליינער מארקטאג. די חלה אויף שבת האט זי נאך אבגעבאקען פאר טאג, דעם טשאלינט אויך אנגעגרייט אז זי זאל איהם קענען ביי צייטען פאררוקען.

ווען איך בין צוגעגאנגען צו דער קלייט האב איך געטראפען זיצען די בעל־ביתטע, טאקע ווייטער מיט אללע קינדערלעך ביים פאדעליק, מיט דעם אייגענען געשריי ווי נעכטען. זייער געשריי האט גאר נישט געשאדעט דעם מסחר, ווייל פון די קונים אלליין איז געווען נאך א גרעסער געשריי, איין קול האט דאס אנדערע איבערגעשריגען.

די קונים — דארפישע בויערים מיט זייערע ווייבער, האבען אללע מאל ניי באלעגערט די קלייט, געדונגען, גענודעט, געשאלטען, גערופען „זשידי“, פאר וואס מע וויל נישט נעמען ביי זיי די פרייזען וואס זיי גיבען, הונדערט מאל זיך אומגעקעהרט אונ ווידער געשריגען אונ געזידעלט אונ צום ענדע געקויפט אונ געווארפען דאס געלד אין כנים אריין.

די קרעמערקע, מיין בעל־ביתטע, איז זיך געזעסען אנגעשפארט, זי האט רוהיג געענטפערט יעדען קונה, ווי גלייך די וואס האבען זי געשאלטען, געזידעלט, האבען גאר זי נישט געמיינט. א קליינער מארק־טאג ענדיגט זיך פריה, היינט האט ער זיך געענדיגט ארום צוויי, פון דעסטוועגען איז זי נאך געזעסען, טאמער וועט זיך נאך עמיצער פארשפעטיגען אויף דעם יריד.

— די אללע קולות אונ געזידלעריי איידער איהר לייזט עפעס ארעז אייך נאר נישט?

— וואס זאל מען טהון אונ וואס זאל מיך ארגערן? מיר זענען שוין דערצו געוואהנט,

א בויער וועט אנדערש נישט געבען צו לייזען ביז ער וועט נישט אנשעלטען. ארויס־לאזען קולות אבצודינגען א גראשען, אבגודען די נשמה, אז עס גלוסט זיך נאר צו חלישען, אז מע זאל זיך וועלען צוהארען צו זייערע קולות, וואלט מען עס טאקע נישט געקאנט אויסהאלטען.

—דינגען זיך דינגט זיך יעדער. נאר קען דען דאס איינענע נישט געשעהן אהן געשרייען?

—אוי ניין, אנדערש וועט דער בויער נישט קויפען; נאך מעהר, ווען ער דער־זעהט זיך שוין נאר דעם קרעמער, מוז מען איהם צוריק אבשעלטען און ארויסטרייבען פון דער קלייט, אבי זיינער פטור צו ווערען, ערשט דעמאלט וועט ער פון אייער קלייט נישט אבטרעטען, איהר וועט איהם שוין מיט קיין שטעקענס נישט פערטרייבען, ער וועט נאך אמאל צעהן אוועקגעהן און צוריק קומען, נאר ער וועט אייך שוין געבען צו לייזען. דאס ליגט שוין אין דעם בויערס כאראקטער, ער באליידיגט זיך נישט ווען איהר שילט און זידעלט איהם, ער וועט אויסשטעהן אויף אייך א גאנצען גיהנם מיט קללות, אפשר וועט ער אבנודען א גראשען. היינט קענט איהר אייך שוין פארשטעלען ווי שווער עס איז פאר דעם קרעמער ביז מע פארדיענט ביי די לייט א גראשען.

—וואו איז אייער מאנן? פאר וואס העלפט ער אייך נישט? אין צווייען ארבייטען אין קלייט וואלט דאך געווען גרינגער?

—ער געהט אויך נישט ארום ליידיג, ער הארעוועט נאך צעהן מאל מעהר פון מיר. קען איך מיך דען פארלאזען מיט דער פרנסה אויף דעם קלייטיל, ווי איהר קוקט גיס אן, צו אויף דער אבבעיא, אומשטיינס געזאגט? ער האט פאר זיך געגוג, די גאנצע וואך פאהרט ער ארום און וואלגערט זיך אויף די ירידים אויך מיט דער איינענער סחורה, און נאר פון איין שבת צום אנדערן זעה איך איהם...

—און פון אללע אייערע הארעוואניעס טראגט אייך נישט צו לעבען?

—ניין, מיין ליעבער יוד, עס טראגט נישט! א הר דאט דאך געזעהן וויפיעל צייט זיע מוז פארליערען, וויפיעל דאס הארץ זיך אבהערגען ביז מע לייזט א גילדען, און וואס פארדיען איך אן דעם גילדען? און אז גאטט העלפט שוין גאר א גוטען יריד, קוקט מען זיך ארום נאך דעם יריד, דערזעהט מען אז עס פעהלען א סך מינים סחורות—מע האט זיי פשוט צוגעגנבעט, אדער איינער וואס האט עטליכע שעה גע־ירעט און געדונגען זיך, איז אוועקגעגאנגען מיט דער סחורה און מע האט פארגעסען ביי איהם געלד צו נעהמען. אין דעם געגשאפט קען זיך אלין טרעפען, מע האט פארט נישט מעהר ווי צוויי אויגען מיט צוויי הענד. משרתים צו האלטען, זיי זאלען היטען, טראגט די גאנצע קראם נישט, אויפן יריד אדער אין א מארק־טאג האלט איך געבען זיך די קינדער, זיי זאלען האטש אכטונג געבען, נאר א קינד בלייבט א קינד. פלוצים פארשפיעלט ער זיך אדער ער פארטראכט זיך. אט דאס זענען אונזערע אללע פאר־דיענסטען אפילו פון דעם גוטען יריד! איין גראשען דערלעבט נישט דעם אנדערן,

מיין ליעבער יוד, אַזוי איז פון אַללע האָרעוואַניעס וואָס איך מיט מיין מאַגן האָראַווען טאָג ווי נאַכט! עס טראָגט קוים אויף ברויט און שטוב אַריין.

— איך קען פאָרט נישט פאַרשטעהען, איך זעה שטענדיג אויף די ירידים אָדער אין אַ מאַרק־טאָג, אַללע קלייטען באַלעגערט מיט קונים אַז מען קען זיך קוים דורכשטופען, דאַכט זיך אַז פון אַזוי פיעל קונים מוז מען לייזען אַ סך...

זי האָט מיך נישט געלאָזט אויסרעדען:

— מיך וואונדערט אויף אייך, מיין ליעבער יוד, מילא אַ מוזשיק קען מען קיין מאָל נישט אַריינשלאָגען אין קאָפּ, ער זאָל פאַרשטעהן ווי אַזוי אונז פון וואָס אַ יוד לעבט, איהם ווייזט זיך שטענדיג אויס אַז דער יוד שאַרט געלד מיט לאָפּאַטעס נאָר דערפון וואָס ער קומט אין שטאָדט אַריין אונ גיט דעם יודען צו לייזען; אָבער איהר זענט דאָך אַ יוד, ווי קומט עס אַז איהר זאָלט נישט דעם אמת וויסען? נאָר איך פאַרשטעה אַז איהר זענט נישט קיין קליין שטאָדטישער יוד, דערפאַר וואונדערט איהר זיך אויף אַללעס. ביי אייך אין די גרויסע שטאָדט זענט איהר געוואָהנט צו זעהען אַקונה ווי ער געהט אַריין אין קלייט געבען צו לייזען אָהן געשריי אונ אָהן געפּילדער, אפילו כמעט אָהן דינגען זיך, אַזוי אַז וואָס מעהר קונים מען זעהט ביים קרעמער, לייזט ער מסתמא מעהר. ביי אונז אין די קליינע שטאָדטלעך איז אָבער גאָר אַנדערש, מיר לייזען נאָר פון איין מאַרקטאָג צום אַנדערן, עס פאָהרען זיך אָן אַסך בויערען, יעדער גיט צו לייזען נאָר אין איין קלייט, נאָר דינגען זיך, שעלטען אונ זידלען — מוז ער אַללע קלייטען, ער פעהלט נישט אויס איינע, נישט נאָר איין מאָל, נאָר אַמאָהל פופצעהן מוז ער געהען פון איין קלייט אין דער אַנדערער אויף איינצוהאַנדלען סחורה פאַר פופצעהן קאָפּ'. וואָס דען האָט דער בויער צו טהון אין שטאָדט אין אַמאַרק־טאָג? זיינע סחורות וואָס ער ברענגט מיט: האָלץ, שטרוי, ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפלעס, גרינוואַרג, עופות וכדומה, פאַרקויפט ער גאָר גרינג אונ גיך, ער דאַרף פאַר זיינע סחורות נישט נאָכיאָגען די קונים, זיך אָברעדען דאָס האַרץ ווי דער יוד, איהם טראָגט מען דאָס געלד אַקעגען, אונ ער שילט נאָך דערפאַר דעם יודען, דאַריבער האָט ער צייט אַגאַנצען טאָג זיך אַרומצודרעהען צווישען די קלייטען, אָנדולען די קרעמערס דעם מוח. פון די אַללע קונים לאָזט זיך אָפּט אויס אַז מען לייזט ביי איינעם אָדער צוויי.

— פון דעסטוועגען ציהט איהר דאָך פאָרט אייער פרנסה טאַקע פון די בויערען וואָס קומען צוויי מאָל אין שטאָדט אַריין?

— אומשטיינס געזאָגט די פרנסה! וואו אַהין קריכט אַריין דאָס געלד וואָס מען לייזט ביי זיי, אַז ניט טאַקע צו זיי אַליין? האָלץ, קרויט, קאַרטאָפּלים, שטרוי, מוז דער יוד קויפען טאַקע ביי די בויערען, זיי לייזען ביי אונז אַסך גרינגער ווי מיר ביי זיי; מיר גיבען זיי אַוועק דעם לעצטען גראָשען אונ עס בלייבט אונז גאָר נישט אויף צו לעבען, מיר מוזען פאַר אַלעס איהם צאָהלען מזומן געלד, וועהרענד ער קויפט פאַר מזומן געלד נאָר קלייניקייטען: נאָדלען, פאָדים, זאַלץ; אַללע געטהיגע זאַכען האָט ער זיין אייגענס.

– וואו זשע נעמט איהר אבער פארט צום לעבען? איהר לעבט דאך מיט אייער מאנן און קינדער?

– אלץ הייסט ביי יודען געלעבט! וואס פאר אלעבען איז דאס ר' קרוב: איין טאג אין דער וואך איז ביי אונז יריד און צוויי מאל מארק-טאג, די דריי טאג פארגעסט מען אפילו אן עסען און מען קאכט ניט קיין מיטטאג, מען איז פון די קונים – צו האט מען יא געלייזט, צו נישט – אזוי פארמוטשעט, דער קאפ ווערט אזוי דערשלאגען, אז מען פאלט אויף דער נאכט אנידער אויף דעם בעט ווי אדערהרגעטער מיט אשטיקעל טרוקען ברויט אין מויל, דערמיט האט מען אבגעלעבט דעם טאג. אין די טאג וואס איז נישט קיין יריד קאך איך יא מיטטאג, נאר אלץ הייסט מיטטאג! אומשטיינס געזאגט, וואס קאסט מיין מיטטאג? אז קיין פלייש קומט נישט אריין אין מיין הויז אגאנצע וואך, און אפילו איך זאל שוין יא מיר וועלען פארגינען אמאל פלייש, וויפיעל קען איוד קויפען פלייש אויף א מיטטאג? אפונט! אין אפונט פלייש געפינט זיך אהאלב פונט ביינער, איז גאר נישט כדאי, ווארום וועמען פריהער געבען? ביי דעם יודען וואס קען זיך אמאל פארגינען אויסצוגעבען אגילדען, מאכט עס נישט אויס, לאז מען חאטש זעהן ביי זיין טיש אביין; אבער ביי אזויגע יודען וואס דער גילדען איז ביי זיי טהייער און זיי האבען איהם נישט צו דער צייט, איז פיעל גלייכער, איידער ביינער בעסער גאר נישט. אזוי, מיין ליעבער יוד, לעבט מען אב די גאנצע וואך. אדאנק גאט וואס מען דארף נאך נישט צאהלען דירה געלד און קלייט געלד. וואס טהוט דער יוד וואס דארף נאך צאהלען פאר די זאכען? מיינט איהר אפשר אז ער שטארבט? ניין, קיינער שטארבט ברוך השם ביי יודען נישט פאר הונגער, מען לעבט; מיין משרת וואס האט אווייב מיט קינדער, לעבט אויך. נאר וואס פאר אלעבען? מען מוטשעט זיך אב דאס ביסעל יאהרען!!...

---

V.

עס איז שוין געוועזען פיער דער זייגער, דער מארק איז כמעט געווארען פוסט נאר מיין בעל-בית'טע איז נאך אלץ געזעסען, איך בין אויך נישט אוועק-געגאנגען פון דער קלייט. וואס האב איך געהאט צו טהון ערב שבת אין לעטיטשעוו? אזוי שפעט אוועקצופאהרען איז גאר נישט געווען צו טראכטען. מיין בעל-בית'טע האט דערווייל פון ערגעץ ארויסגעשלעפט אגאנץ קלומעקיל און פון דארט ארויסגענומען געוואשען גראט, העמדער און העמדלעך, זאקען א. ד. ג. און האט אנגעהויבען פארריכטען, דא געלעגט אלאטקעלע, דא צוגענעהט אקנעפיל.

– אומזיסט זאגט מען ביי יודען, האט זי ווייטער אנגעהויבען רעדען, אז א ע'לימיזלניצע קומט שטענדיג אויס צו פארריכטען דעם מאנס העמד אויף שבת נאר אם

פְרַייטָאג. ווען האט אַקְרעמֶערין צייט זיך אָבצוגעבען מיט אַזויגע זאַכען אז נישט פְרייט
נאך דעם מארק? די וָועשׂערין האט נאך איינגעבעטען געבראכט די ווֶעשׁ, איך הָא
אָבער קיין צייט נישט געהאט זי צו פארריכטען און געמוזט אָבלעגען פון איין ט
צום אַנדערן ביז עס איז געוואָרען פְרייטאג, אויף שַׁבָּת קען מען שוין נישט אָבלעגע
קומט שטענדיג אויס פְרייטאג צו פארריכטען און צו פארמארעזשען.

מיך האט נאר איין זאך געוואונדערט: קען זי דען די אַרבייט נישט מאכען איצט
אין שטוב, וואס זיצט זי וייטער אין קלייט, אז דער מארק האט זיך שוין געענדיגט
איך האב זי אפילו געוואלט וועגען דעם פרעגען, נאר איך האב נישט געוואָלט זי שטער
פון איהר אַרבייט. באַלד אָבער איז מיר דאס פאַרענטפערט געוואָרען

צו דער קלייט איז צוגעגאנגען אַ יוד, ער האט אַריינגעשטעקט דעם קאפ א
לאַדען אַריין און געזאגט: „גאָט הֶעלְף!“ זי האט באַלד אַוועקגעוואָרפען איהר געגעה או
זיך גענומען צום בייטעל.

— איהר זענט, רבי, געקומען נאך דעם צווייטער (דרייסיג קאפ.), איך האב אַיי
נאך געבעטען געוואָלט שיקען מיט דעם קינד, נאר... נאר איהר ווייסט דאך שוין וואו
אז איך גיב פרייטאג נאך דעם מארק.

ער האט גענומען דאס געלד, געזאגט „אַגוטען שַׁבָּת“ און איז אַוועקגעגאנגען

איך האב פארשטאנען אז דאס איז דער מלמד, און די דרייסיג קאפ.—זענען שׂכר
לימוד.

קוים איז דער מלמד אַוועקגעגאנגען, איז צוגעקומען אַיוד מיט צוויי ווייבער
אַלע דריי האבען אַריינגעשטעקט די קאפּ אין לאַדען אַריין, אז איך האב געמוזט
מיין קאפּ אַרויסנעמען.

— אייער מאַן האט מיר נאך פאר אכט־טאגען שַׁבָּת געזאגט, האט זיך אָנגערופען
דער יוד, אז איך זאל צוגעהן פרייטאג נאך דעם מארק צו דער קלייט, וועט איהר
באַצאהלען פאר דעם נדר, ער האט מנדר געווען שני מאל ח״י מיט אַחצי פונט נרות.

זי האט איהם אָבגעוואויגען אַהאַלב פונט ליכט און געגעבען זעקס און דרייסיג
גראשען, ער האט איהר געזאגט „אַגוטען שַׁבָּת“, זי האט איהם געענטפערט: „אַגוט
יאָהר“ און ער איז אַוועקגעגאנגען.

— גיט מיר אַנדבה, האט געזאגט די ערשטע יודענע.

זי האט איהר געגעבען אַגראשען, די יודענע האט איהר אָנגעוואונשען אַלדעם
גוטס און זי האט געענטפערט: „גם אתם“.

די צווייטע יודענע האט גאר נישט געזאגט, נאר מיין בעל־ביתטע האט
גענומען אַזעקסער־ליכט (אַליכט פאר זעקס גראשען) און איהר געגעבען. די יודענע
האט דאס ליכט אַריינגעלעגט אין אַקעסטיל וואס זי האט מיט זיך געטראגען און איז

אָוֶעקְגֶעגַאנְגֶען אויף מִיט אַ„גוּטֶען שַׁבָּת". דִי בַּעַל־אַכְסַנְיָא'טֶע הָאט אִיהְר נָאךְ גֶעשְׁרִיגֶען:

— רַחְטְשֶׁע! אִיהְר זָאלְט מִיר לֶעבֶּען אוּנ גֶעזוּנְד זַיין. רַחְטְשֶׁע! פַארְגֶעסְט לְמַעַן הַשֵּׁם
נִיט צוּ שְׁטֶעלֶען דָאס לִיכְט גֶעבֶּען מַיין שְׁטָארְט אַקֶעגֶען מַיין שְׁטַאנְדֶער אַז עֶס זָאל
נִישְׁט שְׁמֶעלְצֶען אויף מַיין סִידוּר וִוי פַארַאכְטָאגֶען שַׁבָּת...

צוּ רַחְטְשֶׁע הָאט גֶעהֶערְט וָואס זִי הָאט אִיהְר נָאכְגֶעשְׁרִיגֶען, וַויים אִיךְ נִישְׁט.
נָאר דָאס וַויים אִיךְ, אַז דָאס אִיז גֶעוֶוען רַחְטְשֶׁע דִי שַׁמֶשׁ'טֶע, וָואס הָאט דֶעם מְשָׁרֵת
פַארְשְׁטֶערְט זַיין לֶעבֶּען מִיט דֶעם וָואס זִי הָאט גֶעוָואלְט אִיהְם גֶעוֶואהְנֶען צוּ יוּדִישְׁקַייט..

עֶס זֶענִין נָאךְ דוּרְכְגֶעלָאפֶען פַאר דֶעם קְלֵייט עֶטְלִיכֶע יוּדֶען מִיט אַלֶערְלֵיי
פּוּשְׁקֶעס. וואוּ עֶס אִיז אויף שְׁטִיקְלֶעךְ פַּאפִּיר גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיפְגֶעשְׁרִיבֶּען: „תַּלְמוּד תּוֹרָה"
„חֶבְרָה גְּמִילוּת חֲסָדִים" „חֶבְרָה הַכְנָסַת כַּלָּה" אַפּוּשְׁקֶע פַאר דֶער „מִקְוָה", פַאר „הַזְכָּרוֹת
נְשָׁמוֹת" אוּנ נָאךְ אוּנ נָאךְ אַסַךְ פּוּשְׁקֶעס אוּנ קְלֵיינֶע פּוּשְׁקֶעלֶעךְ.

מַייז בַּעַל־אַכְסַנְיָא'טֶע הָאט אוּמֶעטוּם עֶפִּים אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען: דָא צֶעהְן גְרָאשֶׁען,
דָא זֶעקְס, דָא צְוַויי, אוּנ דָא אַיין גְרָאשֶׁען. דִי פּוּשְׁקֶעס זֶענִין זִיךְ הַיילֶענְדִיג אַוֶועק
גֶעגַאנְגֶען מִיט אַ„גוּטֶען שַׁבָּת", אַ„גוּטֶען תָּמִיד" אוּנ זִי הָאט יֶעדֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט: „אַ גוּט
יָאהְר".

צוּלֶעצְט אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען אַיוּד מִיט נָאךְ אַיוּדִיל, אַיינֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען פְרִיהֶער
אוּנ הָאט גֶעטְרָאגֶען מִיט זִיךְ זַיין בַּייטֶעל אוּנ דָאס אַנְדֶערֶע יוּדִיל וָואס אִיז נָאכְגֶעגַאנְגֶען,
הָאט גֶעטְרָאגֶען אַגְרוֹיסֶען זַאק.

— לויף גִיךְ אִין קִיךְ, הָאט דִי בַּעַל־אַכְסַנְיָא'טֶע גֶעזָאגְט צוּם עֶלְטְסְטֶען קִינְד, אַז
זִי הָאט דִי צְוַויי יוּדֶען דֶערְזֶעהְן, — דָארְט אויף דֶער פָּאלִיצֶע אִין דֶער זַייט, בַּאזוּנְדֶער,
לִיגְט אַבוּלְקֶע (אַקוּלִיטְשׁ)... עֶבֶּען דֶער זִיפּ,

דָאס קִינְד אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפֶען אוּנ הָאט אֲפִילוּ נִישְׁט אויסְגֶעהֶערְט וָואס דִי
מוּטֶער הָאט וַוייטֶער גֶערֶעדְט, אַפָּנִים עֶר הָאט שׁוין גֶעוואוּסְט נָאךְ וָואס דִי מוּטֶער שִׁיקְט
אִיהְם. דָאס קִינְד הָאט בַּאלְד גֶעבְּרַאכְט דִי בּוּלְקֶע, אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען דֶעם קְלֵיינֶען יוּדֶען,
עֶר הָאט עֶס אַרַיין גֶעוָוארְפֶען אִין זַאק אַרַיין, דֶער גְרוֹיסֶער יוּד הָאט גֶעזָאגְט אַ„גוּטֶען
שַׁבָּת" אוּנ בֵּיידֶע זֶענִין אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

* *
*

מַיין זַייגֶער הָאט שׁוין גֶעהַאלְטֶען פִינְף, אִין דֶער מִינוּט הָאבּ אִיךְ דֶערְזֶעהְן וִוי
זוּ דֶער אַכְסַנְיָא פָארְט צוּ אַגְרוֹיסֶע פוּהְר מִיט אַזוי פִיעל מַשָּׂא, אַז מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט
אַרַיינְסֶען דֶעם קָאפְּף צוּ זֶעהֶען בִּיז אַרויף. דָארְט אִיז גֶעוֶוען אָנְגֶעלֶעגְט וָואס אִיהְר
וִוילְט: לָאפַּאטִים, קָאטְשֶׁערִים, קְלֵיינֶע נַייֶע פֶּעסֶעלֶעךְ, קְלִימֶעקְלֶעךְ, קֶעסְטְלֶעךְ,
עֶטְלִיכֶע אָבְּגֶעשְׁוּנְדֶענֶע קִיהֶענֶע פֶעל אוּנ נָאךְ קְלִימְקֶעס — גָאר אויבֶען אויף דִי סְחוֹרוֹת

אִיז אויךְ עֶפֶּעס גֶעלֶעגֶען אָדֶער גֶעזֶעסֶען עֶפֶּעס וִוי אַ קְלוּמֶעק, נָאר וָואס דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען הָאבּ אִיךְ בְּאֵין אוֹפֶן נִישְׁט גֶעקָאנְט בֶּעמֶערְקֶען.

— דָער טַאטֶע פָאהְרְט! הָאט דִי בַּעַל־אַכְסַנְיָא׳טֶע גֶעגֶעבֶּען אַ גֶעשְׁרֵיי צוּ דִי קִינְדֶער.

דָא הָאבּ אִיךְ פַארְשְׁטַאנֶען אַז דֶער קְלוּמֶעק וָואס לִיגְט פוּן אוֹיבֶען אִיז מַיין בַּעַל־בַּיִת — מַיין בַּעַל אַכְסַנְיָא, עֶר אִיז אִיצְט אַהֵיים גֶעקוּמֶען אוֹיף שַׁבָּת פוּן דִי יְרִידִים.

— נָא, גֶעה גִיכֶער, הָאט זִי וַוייטֶער גֶעזָאגְט צוּם גְרֶעסֶערן קִינְד, אוּנ לֶעג אַנִידֶער בַּיים טַאטֶען אוֹיפֶן בֶּעט אַ פַארְרִיכְט הֶעמְד...

דָאס קִינְד הָאט גֶענוּמֶען דָאס הֶעמְד אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעלָאפֶען, דִי אִיבְּרִיגֶע קִינְדֶער זֶענֶען זִיךְ וִוי דִי פֵייגֶעלֶעךְ צוּפְלוֹיגֶען „זֶעהְן וִוי דֶער טַאטֶע פָאהְרְט". זַיי הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען, גֶעצַאפֶּעלְט צוּם טַאטֶען וָואס אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען אַזוֹי וַוייט פוּן זַיי — אִין דֶער הוֹיךְ...

— אוֹי טַאטֶע! אוֹי טַאטֶענְיָא! לִיעבֶּער טַאטֶענְיָא, נֶעם אוּנְז אַרוֹיף, לָאס מִיר זִיךְ דוּרְכְפָאהְרֶען...

עֶר הָאט צוּ זַיי אַרָאבְּגֶעשְׁרִיגֶען אוּנ גֶעלַאכְט: בַּאלְד קִינְדֶערְלֶעךְ, בַּאלְד, אִיךְ וֶועל אַרָאבְּנֶעמֶען דִי סְחוֹרָה וֶועט אִיהר זִיךְ דוּרְכְפָאהְרֶען, גֶעהט אַוֶועק פוּן דֶעם וֶועג, מֶע זָאל אַייךְ חַס וְשָׁלוֹם נִיט אִיבֶּערפָאהְרֶען.

דִי קִינְדֶערְלֶעךְ זֶענֶען אַוֶועקְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אָן דֶער זַייט מִיט אַ גֶעקְוִויטְשֶׁערַיי, אַ גֶעשְׁפְּרִינְגֶערַיי אוּנ מִיט אַ שִׂמְחָה!

דֶער וָואגֶען אִיז אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען אִין טְהוֹיעֶר אַרַיין, דִי קִינְדֶער נָאךְ אִיהם. דֶער בַּעַל אַכְסַנְיָא הָאט זִיךְ גֶעמוּהְט צוּלֶעגֶען אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער פוּהר, עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט עֶר זָאל זִיךְ נִישְׁט פַארְטְשֶׁעפֶּען אָן דֶעם בַּאלְקֶען פוּן דֶעם טְהוֹיעֶר.

דִי בַּעַל אַכְסַנְיָא׳טֶע אִיז וַוייטֶער גֶעזֶעסֶען אוֹיף אִיהר אָרְט אוּנ פַארְרִיכְט דָאס גְרֶאט, אוּנ אַמָאל פוּפְצֶעהְן אִיבֶּער גֶעחַזֶרְט: עֶס אִיז שׁוֹין בַּאלְד שַׁבָּת אוּנ אִיךְ הָאבּ נָאךְ אַזוֹי פִיעל אַרְבֵּייט! זִי הָאט אַזוֹי פִיעל גֶעאַיילְט אַז זִי הָאט אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע שְׁאֵלוֹת וָואס אִיךְ הָאבּ זִי גֶעפְרֶעגְט.

אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער אִיז פוּן דֶעם טְהוֹיעֶר מִיט גְרוֹיס גֶעפִילְדֶער אַרוֹיסגֶעפָאהְרֶען דִי לֵיידִיגֶע פוּהר, אִין אִיהר זֶענֶען גֶעזֶעסֶען אַלֶע קִינְדֶערְלֶעךְ, דִי פוּהר אִיז מִיט זַיי גֶעפָאהְרֶען עֶטְלִיכֶע שְׁפַּאן אוּנ אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער מְהִיר, דָאס קוֹל פוּן דִי קִינְדֶער אִיז גֶעגַאנְגֶען בִּיז צוּם הִימֶעל. דִי קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעשְׁמֵיכְט, אֵיינְס הָאט גֶעחַאפְּט דִי ווִיזְשְׁקִים, אַיינְס דִי בַּייטְשׁ; נָאר אַז דֶער בּוֹיעֶר פוּן דֶער פוּהר, וָואס הָאט בִּיז אִיצְט גֶעצֶעהְלְט זַיין שְׂכַר עֲגָלָה, הָאט צוּגֶענוּמֶען בַּיים מְשָׁרֵת דִי בַּייטְשׁ, זֶענֶען דִי קִינְדֶער אַרָאבְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ עֶס אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִילֶער.

פְּלוּצִים וִוי פוּן אַ גְרוֹיסֶען שְׁטוּרְמְוִוינְד הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעעֶפֶענְט דִי טְהִיר פוּן שְׁטוּבּ אוּנ פַאר מִיר אִיז עֶפֶּעס דוּרְכְגֶעפְלוֹיגֶען גִיךְ וִוי אַ בְּלִיץ, אִיךְ הָאבּ קוֹים צֵייט גֶעהַאט צוּ בַּאמֶערְקֶען, אַ בָּארְד, צְוַויי לַאנְגֶע פֵּאוֹת, צְוַויי לַאנְגֶע פָאלִים אוּנ אַ צוּוָואקְפֶען וַוייס הֶעמְד.

איך האָב מיך אַזוי ווי דערשראָקען. ווייל פון דער באָרד אונ פּאות אונ די לאַנגע פּאָלים אונ דאָס צוואָרפענע העמד איז געוואָרען אַרום מיר ווי עפּעס אַ ווינד.

— וואָס איז דאָס דורכגעפלויגען? האָב איך געפ̇רעגט.

— וואָס הייסט וואָס? דאָס איז דאָך מיין מאַנן זאָל לעבען, ער איז געלאָפען אין באָד אַריין לכבוד שבת. האָט זי מיר געענטפערט מיט גרויס גדלות.

איך האָב נאָכגעקוקט אָן דער זייט וואו אַהין ער איז אַוועק אונ איהם געוואָלט אָנקוקען. איך האָב אָבער נאָר געקאָנט זעהן ווי ער פליהט אַלע מאָל ווייטער אונ ווייטער איבער דעם גרויסען קאַלעכדיגען מאַרק פּלאַץ ביז ער איז אַריין אין „באָד גאַסיל", דאָ האָבען איהם מיינע אויגען אין גאַנצען פאַרלאָרען.

מיין בעל-אַכסניאָטע איז ווייטער געשטאַנען ביי דער אַרבייט אונ עס איז געוועזען ווידער שטיל. אַזוי איז אַוועקגעגאַנגען אפשר אַ שעה, איך בין געשטאַנען פאַרטראַכט. פּלוצים האָט עפּעס אונטער מיינע פּלייצעס געגעבען אַזאַ גרויסען געשריי, אַז זיך בין פאַר שרעק פאַרטומעלט געוואָרין. איך האָב נישט געקאָנט הערען וואָס מע שרייעט, עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען אַז עפּעס רעוועט; נאָך מעהר האָב איך מיך דערשראָקען אַז איך האָב דערזעהן ווי נאָך דעם געשריי הייבט מען אָן צו לויפען אויף דער גאַס, אונ עפּעס ווי צו ראַטעווען אונ מע פאַרמאַכט די קלייטען. איך האָב גערעכענט אַז עס איז געוויס ערגיץ אויסגעבראָכען אַ שריפה אונ האָב שוין אויך געוואָלט אָנהייבען לויפען, דערווייל האָב איך דערהערט דאָס איינגענע קול שרייען:

— אין שול אַריין! אין שול אַר-ר-ר-יין!!!

— אוי, מע רופט שוין אין שול אַריין אונ איך האָב נאָך קיין ליכט נישט געבענטשט! האָט זיך מיין בעל-ביתטע אויפגעכאַפּט ווי איין אָבגעבריהטע, זי האָט גיך אַוועקגעוואָרפען איהר אַרבייט, צונויפגענומען וואָס זי האָט נאָר געקאָנט, פאַרמאַכט די קלייט אונ אַריין אין שטוב.

— פאַרמאַך גיכער די קלייט... עס איז שוין שפּעט, עס איז שוין שבת... איז צוריק פון דער באָד דורכגעלאָפען דער פריהריגער בליץ מיט אַ נאַסער באָרד אונ פּאות, מיט אַ קוטיג העמד אין דער רעכטער האַנד אונ מיט אַ נאַס בעזעמיל אין דער לינקער. דאָס פּנים רויטה ווי אַ בוראַק אונ מיט עטליכע גרינע האַלבע אָבגעשמיסענע בלעטעלעך אויף דעם שטערן. ער איז אַזוי גיך אַריינגעלאָפען אין שטוב, אַז ער האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט אויף מיר, זיין אורח, אַ קוק צו טהון.

איך האָב איינער באַטראַכט דאָס נפש וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ סומאַטאָכע אין דער שטאָדט לעטיטשעוו מיט זיין שרייען: „געהט אין שול אַר-ר-ר-יין". דאָס איז געוועזען אַ ביבער פון מעהל, ער האָט געהאַט אַזאַ פּנים אונ אַזאַ קאָסטיום ווי דער משרת פון דער אַכסניאָ, חוץ דעם איז ער געגאַנגען אַרומגעבונדען מיט שטריק. פאַר זיין שרייען „אין שול אַריין" באַקומט ער פון קהל אַכט גולדען אַ חדש אונ שמחת תורה איין עליה אומזיסט, חוץ דעם נאָך עטליכע אַזוינע אָבשניצלעך פון יודישקייט.

עֶר אִיז אִיצְט גֶעשְׁטַאנֶען אִין מִיטֶען מַארְק, דֶעם קָאפּ פַארְרִיסֶען אוּנ מִיט אַ גַדְלוּת, טַאקִי וִוי אַ גוּבֶּערְנַאטָאר. אוּנ פַאר וָואס זָאל עֶר זִיךְ נִישְׁט אִיבֶּערְנֶעמֶען, אוֹיף זַיין גֶעשְׁרֵיי פָאלְגְט אַ גַאנְצֶע שְׁטָאדְט מִיט מֶענְשֶׁען אוּנ הוֹיבֶּען אָן צוּ לוֹיפֶען אַוֶועק צוּ וַוארְפֶען אַלֶע אַרְבַּייט, פַארְמַאכֶען דִי קְלֵייטֶען אוּנ אָנְהֵייבֶּען גָאר אֵיין אַנְדֶער לֶעבֶּען? דַאכְט זִיךְ אַז יֶעדֶער גוּבֶּערְנַאטָאר וָואלט זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען אַז זַיין קוֹל זָאל אַזוֹי ווִירְקֶען אוֹיף דֶער גוּבֶּערְנְיֶע, וִוי דֶעם טְרֶעגֶערְס קוֹל אִין לֶעטִיטְשֶׁעוו פְרַייטָאג פַאר נַאכְט.

דֶער מַארְק־פְּלַאץ אִיז אַלֶע מָאל גֶעוָוארֶען פּוּסְטֶער אוּן לֵיידִיגֶער, אִין אֵיינִיגֶע פֶּענְסְטֶער הָאט מֶען שׁוֹין בַּאמֶערְקְט אָנְגֶעצוּנְדֶענֶע לֶעכְטְלֶעךְ... אֵיינִיגֶע מַאנְסְפַּארְשׁוֹנֶען זַיינֶען גֶעלָאפֶען אִין שׁוּהְל אַרַיין. אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין מַיין שְׁטִיבִּיל אִין דֶער אַכְסַנְיָא.

וִוי אִיהְר זֶעהְט בִּין אִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען אִין לֶעטִיטְשֶׁעוו אוֹיף שַׁבָּת.

---

אַ קוּרְצֶע צַייט שְׁפֶּעטֶער אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען צוּ מִיר דִי בַּעַל־בַּיִת'טֶע אוּנ הָאט מִיר גֶעפְרֶעגְט צוּ אִיךְ וִויל מֶע זָאל מִיר אַרַיינְבְּרֵיינְגֶען עֶסֶען, צוּ וִויל אִיךְ גֶעהְן צוּם טִישׁ עֶסֶען לְכָבוֹד שַׁבָּת. אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט אַז אִיךְ וֶועל אַרַיינְקוּמֶען „צוּם טִישׁ“.

וֶוען אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעקוּמֶען, הָאט דֶער בַּעַל־בַּיִת נָאר וָואס אוֹיסְגֶעטְהוּן דָאס אֵייבֶּערְשְׁטֶע מַלְבּוּשׁ, גֶעזָאגְט יֶעדֶען „אַ גוּט שַׁבָּת“, מִיר גֶעגֶעבֶּען „שָׁלוֹם“ אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זָאגֶען „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם“.

קוּקֶענְדִיג אִיצְטֶער אוֹיף דֶער שְׁטוּבּ, אוֹיף דֶעם טִישׁ, אוֹיף דֶעם בַּעַל־הַבַּיִת אוּנ אוֹיף דֶער בַּעַל־הַבַּיִת'טֶע מִיט דִי קִינְדֶער, הָאבּ אִיךְ מִיךְ דֶערְמָאנְט אָן זֵייעֶרֶע פַּרְנָסוֹת אָן זֵייעֶר לֶעבֶּען דִי גַאנְצֶע וָואךְ אוּן בִּין אִיבֶּערַראשְׁט גֶעוָוארֶען! עֶס אִיז גָאר נִישְׁט דֶער בַּעַל בַּיִת'טֶע, גָאר נִישְׁט דִי אֵייגֶענֶע קִינְדֶער וָואס אִיךְ הָאבּ פְרִיהְר גֶעזֶעהְן, גָאר נִישְׁט דֶער בַּעַל בַּיִת וָואס אִיךְ הָאבּ פַאר צְוֵויי שָׁעָה גֶעזֶעהְן לִיגֶען וִוי אַ קְלִימֶעק אוֹיף דֶעם וָואגֶען, אוּנ דֶערְנָאךְ פְלִיהֶען וִוי אַ בְּלִיץ אִין בָּאד אַרַיין! עֶס זֶענֶען גָאר אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, טַאקִי אַזוֹי וִוי מֶענְשֶׁען דַארְפֶען זַיין!

הַיינְט דִי שְׁטוּבּ אַלֵיין, וואוּ אִין דֶער וָואכֶען אִיז גָאר נִישְׁט מֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען אַרַיינְצוּקוּמֶען—הָאט אִיצְט אוֹיךְ בַּאקוּמֶען גָאר אֵיין אַנְדֶער פָּנִים! עֶס אִיז פָּשׁוּט אַ פַארְגְנִיגֶען אָנְצוּקוּקֶען, אִין אִיטְלֶעכֶען ווִינְקֶעלֶע רֵיין, צִיכְטִיג, לִיכְטִיג. נָאךְ מֶעהְר פַארְגְנִיגֶען הָאט מִיר גֶעמַאכְט דֶעם בַּעַל בַּיִת אַרוּמְגֶעהְן אִיבֶּער דֶער שְׁטוּבּ אוּנ זִינְגֶען „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם“, דָא הָאט עֶר אָנְגֶענוּמֶען אַ קִינְד בַּיים בֶּעקִיל, דֶעם בַּיים הֶענְטִיל, דֶעם הָאט עֶר אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן אִין קֶעפִּיל אוּנ אִיז וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען אַהִין אוּנ אַהֶער אוּנ גֶעזוּנְגֶען.

מַיין בַּעַל אַכְסַנְיָא הָאט גֶעזָאגְט דֶעם „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם“ דֶעם „רִבּוֹן כָּל הָעוֹלָמִים“ מִיט דֶעם „אֵשֶׁת חַיִל“ מִיט אַזַא הַארְץ, מִיט אַזַא גֶעפִיהְל, אַזוֹי אָנְגֶענֶעהְם אוּנ זִיס מִיט

אַזַא טְרוֹיעֶרִינְגֶען קוֹל, אַז עֶס הָאט גֶעקְלאַנְגט רִיהְרֶען אֲפִילוּ אַ שְׁטֵיין, מַיין בַּעַל בַּיִת'טֶע הָאט גָאר אָנְגֶעקְוָואלֶען אוּנ הָאט פוּן אִיהר מַאנְן קֵיין אוֹיג נִישְׁט אַרָאבְּגֶעלָאזְט.

נָאךְ דֶעם „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" הָאט דֶער בַּעַל בַּיִת גֶעמַאכְט קִידוּשׁ אִיבֶּער הֵיימִישֶׁע רָאזִינְקֶע-וַויין מִיט גְרוֹיס הִתְלַהֲבוּת אוּנ הָאט גֶעגֶעבֶּען צוּ טְרִינְקֶען בְּרָכָה דֶער וַוייבּ מִיט דִי קִינְדֶער. בַּאלְד אִיז מֶען זִיךְ גֶעגַאנְגֶען וַואשֶׁען אוּנ גֶעזֶעצְט צוּם טִישׁ, דֶער בַּעַל בַּיִת הָאט „הַמּוֹצִיא" גֶעמַאכְט אִיבֶּער צְווֵיי חַלוֹת.

בַּיים טִישׁ הָאט דֶער בַּעַל בַּיִת זֶעהְר גֶעלוֹיבְּט דִי פִּישׁ אוּנ נָאךְ מֶעהְר זַיין וַוייבּ, וֶועלְכֶע קֶען אַזוֹי גוּט קָאכֶען. דִי פִּישׁ הָאבֶּען טַאקֶע בֶּאֱמֶת גֶעהַאט טַעַם גַן עֵדֶן. דִי יוֹךְ מִיט לָאקְשֶׁען, דָאס פְלֵיישׁ אוּנ דֶער צִימֶעס הָאבֶּען מִיר אוֹיךְ זֶעהְר גוּט גֶעשְׁמֶעקְט אוּנ צְווִישֶׁען יֶעדֶען גֶערֶעכְטְס הָאט דֶער בַּעַל בַּיִת גֶעזוּנְגֶען זְמִירוֹת, מִיט אַזַא קוֹל אוּנ אַזֶעלְכֶע שֶׁאנֶע נִגוּנִים, מְחַיֶּה נְפָשׁוֹת חְלֶעבִּין. מֶע הָאט אַזוֹי עֶרְנְסְט גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ גֶעגַאנְגֶען צַייטְלִיךְ שְׁלָאפֶען.—

אִין דֶער פְרִיה אִיז מֶען גֶעגַאנְגֶען אִין שׁוּל דַאוֶוענֶען. דָארְט אִיז מַיין בַּעַל בַּיִת גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיבֶּען אָן אוּנ הָאט גֶעקְרִיגֶען אַ פַאנִיבְּרִיהִשֶׁע עֲלִיָה. אַהֵיים קוּמֶענְדִיג הָאט מֶען קִידוּשׁ גֶעמַאכְט, פַארְבִּיסֶען מִיט לֶעקִיךְ אוּנ אֵייעֶרְקִיכְלִיךְ, גֶעגֶעסֶען דֶעם טְשָׁאלִינְט זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁלָאפֶען, מִנְחָה גֶעדַאווינְט, שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת גֶעגֶעסֶען אוּנ אִין דֶער נַאכְט אַרַיין מַעֲרִיב גֶעדַאווינְט אוּן הַבְדָלָה גֶעמַאכְט.

אַזוֹי הָאבּ אִיךְ פַארְבְּרַאכְט אַ גַאנְצֶען שַׁבָּת זֶעהְר גוּט, דִי בַּעַל-בַּיִת'טֶע הָאט מִיר אַמָאל צְוַואנְצִיג גֶעזָאגְט: טַאקִי נָאר אִין דֶעם גֶעבֶּענְשְׁטֶען טָאג שַׁבָּת לֶעבֶּען מִיר, דֶער אֵיינְצִינֶער טָאג שְׁטַארְקְט אוּנְז מִיר זָאלֶען קֶענֶען אִיבֶּערְטְרָאגֶען אַלֶע צָרוֹת אַ גַאנְצֶע וָואךְ. וֶוען עֶס זָאל נִישְׁט זַיין דֶער לִיעבֶּער שַׁבָּת, וֵויים אִיךְ נִישְׁט ווִי אַזוֹי אִיךְ וָואלְט גֶעלֶעבְּט...

שַׁבָּת צוּנַאכְטְס הָאבּ אִיךְ גֶעבֶּעטֶען מֶע זָאל מִיר גֶעבֶּען אַ חֶשְׁבּוֹן וָואס עֶס קוּמְט פוּן מִיר אִין דֶער אַכְסַנְיָא; מֶע הָאט מִיר גֶעבְרַאכְט אַ חֶשְׁבּוֹן וואוּ עֶס אִיז גֶעוֶוען אַלְץ אוֹיסְגֶערֶעכְנְט וָואס עֶס קוּמְט פַאר דֶער שְׁטוּב, סַאמָאוַארֶען, עֶסֶען א. ד. ג.

—נָא אוּנ פַאר שַׁבָּת עֶסֶען וָואס קוּמְט אַייךְ? הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן דֶער שַׁבָּת אִיז נִיט דָא אִין חֶשְׁבּוֹן.

—חַס וְשָׁלוֹם! הָאט זִי זִיךְ גֶעגֶעבֶּען אַ חַאפּ, בַּיי אַ אוֹרֵחַ וָואס עֶסְט שַׁבָּת בַּיי מַיין טִישׁ נֶעם אִיךְ קֵיין גֶעצָאהְלְט. פַארְקֶעהְרְט מַיין מַאנְן דַאנְקְט נָאט וֶוען עֶר בֶּעשֶׁערְט אִיהְם אֵיין אוֹרֵחַ אוֹיף שַׁבָּת.

אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעפְּרוּפְט זִי צוּצוּרֶעדֶען זִי זָאל נֶעמֶען גֶעצָאהְלְט פַאר שַׁבָּת, נָאר עֶס הָאט נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען מַיין פִיעל רֶעדֶען אוּן שְׁפַארֶען זִיךְ וֶועגֶען דֶעם.

—קֵיין עוֹלָם הַבָּא פֶערְקוֹיף אִיךְ נִישְׁט, הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט.

**אִיךְ הָאבּ גֶעמוּזְט אַוֶועקְפָאהְרֶען פוּן לֶעטִיטְשֶׁעוו אַ גֶעוֶועזֶענֶער אוֹרֵחַ אוֹיף שַׁבָּת.**

# VI.

דיא אַלְטֶע לַייט וָואס הֶערֶען גָאר נִיט אויף צו לויבֶּען „דִיא אַלְטֶע וֶועלְט" זָאגֶען אַז נִיט נָאר דִיא הַיינְטִיגֶע וֶועלְט אִיז קֵיין וֶועלְט נִיט, אוּנ דִיא הַיינְטוֶועלְטִיגֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט, נָאר אֲפִילוּ דִיא הַיינְטוֶועלְטִיגֶע פָּאגָאדֶע אִיז גָאר קֵיין פָּאגָאדֶע נִיט, דָאס הֵייסְט: ווִינְטֶער אִיז נִיט ווִינְטֶער אוּנ זוּמֶער אִיז נִיט זוּמֶער.

— אַמָאלִיגֶע יָאהְרֶען, דֶערְצֶעהְלֶען זֵייא, אִיז זוּמֶער גֶעוֶועזֶען וַוארִים, דִיא פָּאגָאדֶע שֶׁאן טַאקִי ווִיא „זוּמֶער לֶעבּ" אוּנ אַז מֶען הָאט בַּאדַארְפְט פָאהְרֶען אִין וֶועג הָאט מֶען גֶעמֶעגְט מִיט זִיכֶערְהֵייט אַרויספָאהְרֶען אִין זַיין קַאפָּאטֶע אוּנ פַארְפָאהְרֶען מִיט אִיד אֲפִילוּ קֵיין בְּרָאד, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ חו"ש גָאר נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען, וָוארוּם זוּמֶער אִיז טַאקֶע גֶעוֶועזֶען זוּמֶער; ווִינְטֶער אַז מֶען הָאט בַּאדַארְפְט פָאהְרֶען אִין וֶועג הָאט מֶען גֶעמֶעגְט מִיטְנֶעמֶען אַ גְרויסֶען שְׁמוּישֶׁענֶעם טוּלוּפּ (פֶּעלְץ) מִיט גְרויסֶע וָואלֶענֶע זָאקֶען גְרויסֶע פוּטֶערְנֶע הֶענְדְשְׁקֶעס מִיט אַ גְרָאבֶּען גְרִינֶעם וָואלֶענֶעם שַׁאל, אוּנ וֶוער שְׁמוּעֶסְט אַז מֶען אִיז נָאךְ גֶעוֶועזֶען קְלוּג אוּנ מֶען הָאט נִיט פַארגֶעסֶען מִיטצוּנֶעמֶען דִיא וַואטָאוֶוע הוֹיזֶען, הָאט מֶען גֶעמֶעגְט אויספָאהְרֶען דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אוּנ עֶס הָאט זִיךְ חַס וְשָׁלוֹם גָאר נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען, וָוארוּם אַמָאלִיגֶע יָאהְרֶען אִיז ווִינְטֶער טַאקֶע גֶעוֶועזֶען ווִינְטֶער עֶס אִיז גֶעוֶועזֶען פְרָעסְט, אַ סַךְ שְׁנֶעע אוּנ דֶער שְׁלִיטְוֶועגס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פוּן סוּכּוֹת בִּיז פֶּסַח, אַזוֹי אַז יוּדֶען סוֹחֲרִים פְלֶעגֶען זִיךְ אַוֶועקלָאזֶען פוּן דֶער הֵיים מִיט דִיא בַּעֲלֵי עֲגָלָה'שֶׁע לַאנְגֶע שְׁלִיטֶענְס, אֲפִילוּ קֵיין פָּאלְטַאווֶע אויפֶ'ן יְרִיד, אוּנ זֵייא זֶענֶען גֶעקוּמֶע טַאקֶע מִיט דִיא שְׁלִיטֶענְס בָּרוּךְ הַשֵּׁם בְּשָׁלוֹם אַהֵיים צוּ זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער, ג"ו הָאבֶּען פַארְדִינְט אַ סַךְ גֶעלְד. הַיינְטִיגֶע יָאהְרֶען אוּמְשְׁטֵיינְסְט גֶעזָאגְט אַז אַ יוּד אַ סוֹחֵר פָאהְרְט אַרויס קֵיין טֶ ע רְ נֶ ע ווִ קֶ ע אויפֶ'ן יְרִיד, אִין גַאנְצֶען צְוַואנְצִיג ווִיֶערְסְט פוּן דֶער הֵיים, פָאהְרְט עֶר אַרויס אִין דֶער פְרִיה מִיט אַ שְׁלִיטֶען אוּנ קוּמְט אויף דֶער נַאכְט צוּרִיק אַהֵיים מִיט רֶעדֶער; פַאר וָואס אִיז דָאס אַזוֹי? — וָוארוּם הַיינְטִיגֶע וֶועלְט, זָאגֶען דִיא אַלְטֶע לַייט, אִיז קֵיין וֶועלְט נִיט, הַיינְטִיגֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט דַארוּם אִיז דֶער ווִינְטֶער קֵיין ווִינְטֶער נִיט! אָט דַאכְט זִיךְ גֶעהַט אַ שְׁנֶעע, אַ שָׁעָה שְׁפֶּעטֶער הָאסְט דוּא דִיר אַ רֶעגֶען, נָאךְ שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ שָׁעָה אַ פְרָאסְט אוּנ אויף מָארְגֶען הָאסְט דוּא דִיר גָאר אַ בְּלָאטֶע מִיט אַ זְשְׁלֶעדֶע אַז פֶערְד קֶען מֶען אָנְפוֹיֶען אִין דִיא גַאסֶען, אָט הָאסְט דוּא דִיר ווִינְטֶער! רֹאשׁ חוֹדֶשׁ שְׁבַט! נָא קֶענֶען דֶען אִין הַיינְטִיגֶע ווִיסְטֶע יָאהְרֶען מִיט זֵייעֶרֶע פָּאגָאדֶעס יוּדֶען סוֹחֲרִים פַארְדִינֶען גֶעלְד?

אַזַא מִין „הַיינְט וֶועלְטִיגֶע פָּאגָאדֶע" הָאט מִיךְ פַארְטְרִיבֶּען אוּנ פַארְוָוארְפֶען אִין אַ יוּדִישֶׁער שְׁטָאדְט שׁוֹין עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אוּנ עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ פוּן אִיהְר אַרויסצוּקְרִיכֶען... אִיךְ בִּין דַאכְט זִיךְ אַרויסגֶעפָאהְרֶען זוּמֶערְדִיג, נָאר אויפֶ'ן וֶועג, אִין דֶער יוּדִישֶׁער שְׁטָאדְט הָאט דִיא פָּאגָאדֶע אַזוֹי אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁפִּיעלֶען, אַז עֶס אִיז נִיט אַרויסצוּקְרִיכֶען נִיט מִיט קֵיין שְׁלִיטֶען אוּנ נִיט מִיט קֵיין רֶעדֶער, אוּנ דִיא בַּעֲלֵי עֲגָלוֹת הֵייסֶען זִיךְ בַּיי ווִיא בַּיי אָבְּגִילְטֶ'ען, אַז עֶס אִיז גָאר נִיט פַאר מַיין בַּייטֶעל -

ט האָט דוא דיר „אַ װעג" , קען מען דען אין הײַנטיגע װיסטע יאָהרען מיט הײַנטיגע סטע פּאָגראָמס עפּעס פאַרדיענען געלד ? האָב איך זיך דערמאָנט װאָס דיא אַלטע חרים זאָגען אונ זיך נאָר מיישב געװעזען אָנגעהויבען זיך װאַרעמען בײַ דעם אױװען ן מײַן שטיבעל פון דער אכסניא . װאָס דען האָב איך געװאָלט טהון ?

ליגענדיג אַזױ געבען דעם אױװען אונ קוקענדיג דורך דעם פענסטער אױף דער סטער פּאָגראָמע , האָט זיך מיר אױסגעװיזען אַז דיא גאַנצע װעלט מוז איצט זיצען בען דעם אױװען אונ זיך װאַרעמען , װאָרום װאָס האָט מען צו טהון אױף דער אס אין אַזא פּאָגראָמע ? סײַדען פּוסטע־פּאַסניקע װאָס האָבען ליעב צו קנעטען דיא לאָטע , אונ איך – װאָס אינטערעסיער זיך מיט דעם יודישען לעבען אפילו אין ער בלאָטע .

נאָר אַז איך בין פון מײַן שטיבעל אַרױסגעקראָכען אױף דער גאַס , האָב איך געזעהען װיא דיא װעלט איז דיא אײגענע װאָס פריהער : מען פאָהרט , מען לױפט , ען געהט אַהער אונ אַהין ; נעבען דיא קלײטען , מאַגאַזינעס , קראָמען , שטעלען ונ שאַפּקעלעך זיצען אַלערלײ קרעמער , אונ פאַרקױפער ; דיא מאַרקװיצערינס זענען יך דאָ , דיא מיט פױלע עפּעלעך , דיא מיט װײַסע לעהם , דיא מיט אַ צובער דיאָהאָט ניבין) אונ דאָרט מיט פלעקלעך , שפּילקעס , נאָדלען , פאָדעם ; דאָ רעדט מען , דאָרט גיט מען אונ דאָ שרײַט מען . מיט אײן װאָרט עס קאָכט זיך אומעטום װאו איהר גט נאָר אַ קוק טהון . –

װען איך זאָל זײַן אַ קריכט אונ זאָל קענען דאָס יודישע לעבען נאָר פון לײַענען בער אונ פון אַזױנע צײַטונגען װיא דיא „נאָװאָיע װרעמיא" , אַזױ װיא אײניגע יכטען קענען דיא יודען מיט זעהר לעבען , אונ איך זאָל מיך פּאַפּאָדען זין אַ יודישער טאָרט װאו איך געפין זיך איצט אונ צזעהן װיא עס זיעדט , װיא עס קאָכט אין א יודישע גאַססען – אױף דעם יודישען מאַרק , װאָלט איך געזאָגט : אָט זעה איך איצט א עס איז טאַקע אמת װאָס דיא צײַטונגען שרײַען װעגען יודען ; קוקט נאָר זען װאָס ס טהוט זיך דאָ : יעדער לױפט , יעדער געהט , יעדער איז פאַרנומען , עס קאָכט , עס דט אין יעדען װינקעלע , מען זשוּבּט געלד ! װאָס האָרעװען זײ אַזױ דאָ אַללע מיט א שטעקלעך אין דיא הענד ? אונ דערמיט פאַרדיענען זײא געלד ! װאָס טהוט אָבער בער נאַראָד – דיא מתּושׁיקים ? זײא ליגען אױף דיא פעלדער האָרעװען מיט דעם ביטערען ײס אײדער זײא פאַרדיענען דעם גראָשען , אונ דער יוד ? – װיא גרינג פאַרדיענט ער ! ז לױפט ער זיך מיט דעם שטעקעל , דאָ רעדט ער אַביסעל , דאָרט טענה'ט ער , ביז ער רט אימעצען אָב , אונ מיט אַזא אופן זשוּבּט ער גרינג געלד .

נאָר איך בין דאָך ניט קײן קריסט װאָס איך זאָל קענען יודען מיט זײער לעבען צײַטונגען אונ פון ביכער , איך בין זיך אױך אַ יוד ... דאָרום קען איך יודען א ס אַז יודען קענען לױפען , פליהען , רעדען , טענה'ן , זײַן פאַרטראָגען , קײן צײַט ניט

האבען אהאלב ווארט צו רעדען אז איהר זאלט טאקע באמת מיינען אז מיט זיין צי
זשויבט ער געלד פון אללע זייטען, נאר באמת לאזט זיך שטענדיג אויס, אז נ
זיין גאנץ פליהעניש, פארטראגענקייט זאל ער קיין צוברעכענע קאפיקע ניט פארדיענע
און ער ווייסט אליין זעהר גוט אז ער האט גאר ניט וואס צו פליהען. ער דרעהט זיך נ
ארום אומזיסט אין גאס און וואלט געמעגט גאר זיצען אין שטוב, אז ער וועט אין גא
גאר ניט אנווערען, נאר אי וואס האבען זיי איצטער צו טהון אין גאס? וואס פליה
זיי, וואס רוישען זיי, וואס זשומען זיי? — די פרנסה — די וויסטע פרנסה האט זיי א
ארויסגעטריבען אויף דער גאס! — דעם גביר אויף זיין פאיעטאן, דעם מיטלען בעל ב
מיט זיין שטאקען אין דער האנד, דעם מעקלער מיט זיין פראבע ווייץ, דעם שדכן מי
זיין שדכנות ביכעל, דעם וואכענגעבער (פראצענטניק) מיט זיין "וואכענצעטעל", דע
וואסער-פיהרער מיט זיין טעלעגע, דעם טרעגער מיט זיין שטריק און מיך מיט מ
מוזען שרייבען... אוי די פרנסה — די וויסטע פרנסה!...

---

## VII.

עס איז פארט ביי מיר געבליבען אגרויסע פראגע: מילא דער וואכענגעבער, דע
שדכן, דער וואדאוואז, דער טרעגער און איך, זיי קיין פראגע ניט וואס מיר טהוע
אויף דער גאס — עס קען זיך שאן מאכען, אז דער וואכענגעבער זאל אבנעמען דענ
רובל פאר דער וואך מיט פראצענט, דער שדכן זאל אויספיהרען א שידוך, דער וואדאווא
מיט זיין טעלעגע און דער טראגער מיט זיין שטריק, זאל אויך פארדיענען פינף קאפ
און מיר קען זיך מאכען איך זאל האבען פון וואס צו שרייבען; — נאר ווי אזוי פארדיענע
די אלע בעלי בתים, בעל-ביתליך מיט די שטעקלעך אין די האנד, וואס דער רונ
פון זיי פארפוללען די יודישע שטאדט, די יודישע מארקען, די יודישע גאסען, ד
יודישע וועלט?... דאס פארשטעה איך קיין מאהל ניט! און עס בלייבט ביי מיר א
שטענדיגע פראגע: פון וואס למשל לעבען זיי, מיט וואס למשל פארדיענען זיי אויף
פרנסה, זיך און דער פאמיליע?

איך הער, איך זעה שטענדיג, אללע טאג, אויף יעדען טריט, טויזענדער יודען
וואס מען רופט זיי ביי אונז בעלי בתים, בעל ביתליך, אדער ווי דער רעמעסלענע
קלאס רופט זיי אן "פראסטאקים", וואס האבען ווייבער מיט אסך קינדער און
קינדערלעך און דערביי קיין שום בעשעפטיגונג. זיי זענין ניט קיין בעלי מלאכות
ניט קיין שאנקערס, ניט קיין קרעמערס, ניט קיין גנבים און האנדלען ניט מיט קיין
גנבות און בעטען אויך ניט קיין נדבות - געהען ניט ארום איבער די הייזער; און וויפיעל
מאל איך האב שוין אויף מיין לעבען ניט געפרעגט:

— פוּן וָואס לֶעבְּט אַזַא יוּד ? אַיין מֶענְשׁ דַארְף הָאבֶּען, וּבִפְרַט נָאךְ אַפַאמִילְיֶע
א לָאז זַיין עֶר לֶעבְּט מִיט זַיין פַאמִילְיֶע גַאנְץ גֶעמַיין, נָאר אוֹיף גֶעמַיין לֶעבֶּען
ף מֶען אוֹיךְ עֶפֶּעס הָאבֶּען, קֵיין צְוַויי גְרָאשֶׁען גֶעפִינְט מֶען אוֹיךְ נִיט אוֹיף דֶער גַאס,
וְשֶׁע נֶעמְט עֶר דִי צְוַויי גְרָאשֶׁען ?
דַארוֹיף בֶּעקוּם אִיךְ שְׁטֶענְדִיג פוּן יֶעדֶען דֶעם אֵייגֶענֶעם עֶנְטְוָוער :

— אִיךְ וַויים ? מִסְתָּמָא לֶעבְּט עֶר. גָאט פַארְלָאזְט נִיט אַיידֶען וָואס הָאט אַוַוייבּ
קִינְדֶער, מִסְתָּמָא בַּאשֶׁערְט אִיהְם גָאטְט, קֵיין יוּד בָּרוּךְ הַשֵּׁם שְׁטַארְבְּט נִיט פַאר
ער! אָט זֶעהְט אִיהְר זִיךְ גָאטְס נִסִים וִוי עֶר לֶעבְּט מִיט וַוייבּ אוּנ מִיט קִינְדֶער
זֶעהְט וְשֶׁע — עֶר גֶעהְט אוֹיךְ בָּרוּךְ הַשֵּׁם נִיט אַרוּם אוֹיף דֶער גַאס שֶׁאנְדְלִיךְ, שְׁטֶענְדִיג
אַגַאנְצֶער קַאפָּאטֶע (סוּרְדֶעט) מִיט אַיָאן שְׁטֶעקֶעל אוּנ פַארְגֶעהְט זִיךְ מִיט לַייט
הַייסְט „בַּעַל בַּיִת" אוּנ גָאט פַארְלָאזְט אִיהְם בָּרוּךְ הַשֵּׁם נִיט! הָאבֶּען דֶען אַלֶע
ן גְרַייטֶע פַּרְנָסוֹת, וִוי שֶׁענְקֶען, קְלַייטֶען, אָדֶער גֶעלְד אוֹיף פְּרָאצֶענְט ? זֶענֶען דֶען
ע יוּדֶען בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת ? דֶער יוּד אוֹיף וֶועלְכֶען אִיהְר פְרֶעגְט, אִיז נִיט אֵיינֶער בַּיי
ם, אוּנ גָאטְט פַארְלָאזְט זַיי נִיט, אוֹיף דַארוֹיף אִיז מֶען זִיךְ יוּדֶען, אַדְּרַבָּא וִוי זָאגְט
ר פוּן וָואס לֶעבֶּען אַזוֹינֶע יוּדֶען ?...

אָט אַזַא עֶנְטְוֶוער בֶּעקוּם. אִיךְ שְׁטֶענְדִיג אוֹיף מַיין „שְׁטֶענְדִיגֶער פְּרַאגֶע", אוּנ חוּץ
עֶר פַארְעֶנְטְוָוערְט מִיר נִיט, שְׁטֶעלְט עֶר מִיךְ אַנִידֶער מִיט זַיין פְּרַאגֶע: „אַדְּרַבָּא
מַיינְט אִיהְר, פוּן וָואס דֶען לֶעבֶּען אַזוֹינֶע יוּדֶען" ? אוּנ הָלֶעבֶּען אַז אִיךְ וַויים אוֹיךְ
קָאל נִיט דַארוֹיף צוּ עֶנְטְוָוערֶען.

מִילָא יֶענֶעם יוּדֶען אַארְט נָאר וַוייניג, וָואס אִיךְ וַויים אִיהְם נִיט צוּ פַארְעֶנְטְוֶוערְן
פְּרַאגֶע. בַּיי אִיהְם זֶענֶען רֶעכְט אַזוֹינֶע תֵּירוּצִים וִוי „גָאטְט פַארְלָאזְט נִיט קֵיין יוּדֶען",
ד שְׁטַארְבְּט בָּרוּךְ הַשֵּׁם נִיט פוּן הוּנְגֶער"; „עֶר אִיז נִיט אֵיין יוּד אַזוֹינֶער אוֹיף דֶער
ט"; „וֶוער קֶען ווִיסֶען גָאטְס נִסִים", „גָאטְט בַּאשֶׁערְט"; אוּנ ווִידֶער ווָאס אִיז דָאס
זַיין גֶעשֶׁעפְט ? „מִסְתָּמָא אַז יֶענֶער לֶעבְּט, הָאט עֶר פוּן וַואנֶען צוּ לֶעבֶּען אוּנ וֶועמֶעס
ה אִיז דָאס צוּ קְלֶערֶען וִוי אַזוֹי יֶענֶער לֶעבְּט ? עֶר זָאל נִיט הָאבֶּען, וָואלְט עֶר נִיט
עבְּט אוּנ אַז עֶר לֶעבְּט מִסְתָּמָא הָאט עֶר „יָא" אוּנ נָאךְ אַזוֹינֶע תֵּירוּצִים מִיט כְּלָלִים
ינְט עֶר אַבִּי בַּארוּהִיגֶען זַיין נֶפֶשׁ.

אִיךְ אָבֶּער גְלוֹיבּ נִיט אִין אַזוֹינֶע זַאכֶען אוּנ קֶען מִיט אַזוֹינֶע תֵּירוּצִים אוּנ כְּלָלִים
בַּארוּהִיגֶען מַיין נֶפֶשׁ — אִיךְ גְלוֹיבּ אַז גָאטְט זָאגְט אוֹיךְ: „אִיךְ בִּין טַאקֶע גָאטְט אוּנ
ער אוּנ טְהוּ גְרוֹיסֶע נִסִים, נָאר מִיט פַּרְנָסָה מִיט בְּרוֹיט דַארְפְּסְט דוּ זִיךְ אוֹיף מַיינֶע
נִיט פַארְלָאזֶען, נָאר אוֹיף זִיךְ אַלַיין; צוּ פַּרְנָסָה הָאבֶּען מוּז מֶען זַיין „עֶפֶּעס",
ר אַבַּעַל מְלָאכָה, אַשֶׁענְקֶער, אַקְרֶעמֶער, אַטְרֶאגֶער, צוּ אִיךְ וַויים נִיט וָואס, אַבִּי
ם הָאבֶּען אִין דֶער הַאנְד אַבֶּעשֶׁעפְטִיגוּנְג פוּן וַואנֶען מֶען זָאל צִיעֶהֶען דִי פַּרְנָסָה,
נָאךְ בִּין אִיךְ פוּן דַיינֶעטְוֶוענֶען, מֶענְשֶׁעלֶע, דֶער אֵייבִּיגֶער גָאטְט, אִיךְ בַּאשֶׁער

דיר, איך טהו דיר גרויסע נסים אונ נאך אַזוינע גוטע מַעשים וואס איך, גאָטט, קען טהון פאר אַמענשענס וועגען".

איך גלויב אז מען פארדיענט ניט קיין צוויי גראשען, אָדער אז מען בעט זיי ערגע' ניט אויס, האט מען ניט, מען געפינט זיי ניט אויף דער גאס אונ פון דעם הימעל פאלע' זיי אַוַדאי ניט אַראָב. —

— געוואלד, געוואלד, פון וואנען זשע לעבען די יודען? — אַזוינע יודען?



אזוי פארטראכטענדיג זיך אויף מיין „שטענדיגער פראגע" וואס איך קען מיר און איהר קיין תירוץ ניט געפינען, האב איך דערזעהען צווישען נאך אסך אזוינע יודען זיין יודען מיט אשטעקעל אין דער האנד, ער איז געגאנגען גיך, פארטראגען ווי איינע' וואס איילט זיך אונ האט קיין צייט ניט. ער איז אנגעלאפען אגאס, פלוצים האט ע' זיך אבגעשטעלט, אונטערגעשפארט מיט דעם שטעקיל די באָרד, אקוק געטהון און אלע פיער זייטען, אויך אויפ'ן הימעל אונ אויף דער ערד, געשטאנען אביסיל או' וויטער אוועק, גיך איילענדיג. דער יוד האט מיך נאך מעהר פאראינטערעסירט וואוהין פליהט ער? וואס איילט ער זיך? ער האט זיך ווייטער אבגעשטעלט, ווידערהאל' דאס איינענע וואס ביים ערשטען מאהל, נאר דא האב איך שוין ניט געקוקט וואס ע' טהוט, איך האב איהם באטראכט פון קאפ ביז די פיס: ער איז געגאנגען געקליי' ע' ניט רייך, אבער אויך ניט ארעם, מיט אריינעם גאנצען טולופ, (פעלץ), האטש דע' קאלנער אונ דער אויבערשלאק פון טולופ האבען אויסגעוויזען אביסעלע אלטליך, נא' ווערליג אין דער וואכען—פארט בעלי בתי"ש, פיין, דאס הימעל אויפין קאפ אבגעבערש' אונ מיט אנייעם דאשיק, די לאנגע באָרד אונ פאות שאן גלייך געוואקסען או' פארקעמט, נאר דאס פנים אונ די אויגען... אך די אויגען! זיי זענין די גרעסטע' מוסרים פון דעם מענשענס הארץ—אמענש קען לאבען, טאנצען, פריילך זין: מאבען דעמאלט ווען דאס הארץ וויינט אונ איז פארביטערט, אפילו ווען דער מאגען אי' ליידיג, נאר די אויגען לאבען קיין מאל ניט ווען דאס הארץ וויינט. דאס איינענע' האב איך באמערקט אין דעם יודענס אויגען. ווען איך האב זיך איינגעקוקט אין זיינע' אויגען האב איך דערזעהן אלעס: ער וואלט געמענט געהן אנגעטהון גאנץ רייך, האבע' זיינע אויגען איהם אויסגעגעבען, ווי דערהרגיט, דערשלאגען ער איז, פארביטערט פארשמאכט, פארזארגט, פארקלאגט, פארוויינט, פארמוטשעט, זיינע אויגען האבען ש' פיעל געבלישטשעט אונ זיין פנים איז צו פיעל איינגעפאלען.

מיין יוד איז אבגעלאפען די דריטע גאס, דא זענין געשטאנען עטליבע יודען צו זענין די עטליבע יודען סוחרים, אָדער זיי זענין אויך אַזוינע יודען ווי מיין יוד, ווייס איך ניט, נאר איך האב געהערט ווי זיי רעדען פון מסחר, פון ווייץ, פון פעל, פון

ערלֵיי פְּרַייְעֶן סְחוֹרָה; דֶער הָאט גֶעזָאגְט אַזוֹי אוּנ דֶער אַזוֹי, מַיין יוּד הָאט זִיךְ
יינְגֶעמִישְׁט אוּנ גֶערֶדוּנְגֶען פַּארֶקְעהרְט, אִיךְ הָאבּ זִיךְ צוּ דֶעם רֶעדֶעל יוּדֶען נֶעהֶנְטֶער
גֶערוּקְט אוּנ ... אוּנ אִין אַקְלֵיינֶער צַייט הָאבּ אִיךְ זִיךְ מִיט מַיין יוּדֶען זֶעהְר גוּט בַּאקֶענְט,
וי גוּט אַז אַװעקְגֶעהֶענְדִיג פוּן דֶעם רֶעדֶעל יוּדֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ אַזוֹי צוּרֶעדְט אַז
ר הָאבֶּען זִיךְ פָּשׁוּט גֶעזֶעגֶענְט דִי הֶערְצֶער וִוי אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד.

---

אִיהְר וֶועט זֶעהְר גֶערֶעכְט זַיין וֶוען אִיהְר וֶועט מִיר בַּאמֶערְקֶען: קֶען דָאס זַיין,
ז דָאס מֶעגְלִיךְ אַז אִין אֵיין שָׁעָה צַייט זָאלֶען צְוֵויי גָאר פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען וֶוערִין אַזוֹי
בַּקאַנְט, אַזוֹינֶע גוּטֶע פְרַיינְד?

אוּנ אִיךְ קֶען אַייךְ דֶערוֹיף עֶנְטְפֶערֶען: דָאס קֶען נִיט זַיין, דָאס קֶען זִיךְ נִיט
רֶעפֶען בַּיי קֵיין שׁוּם אַנְדֶערֶע, נָאר צְווִישֶׁען יוּדֶען קֶען זִיךְ דָאס יָא טְרֶעפֶען אוּנ מִיר
הֶען עֶס צְווִישֶׁען אוּנְז גַאנְץ אָפְט — יָא טַאקֶע נָאר בַּיי יוּדֶען! — קֵיינֶער אִיז נִיט אַזוֹי
ם שְׁטַאנְד זִיךְ גִיךְ צוּ בַּאקֶענֶען, גִיךְ צוּ וֶוערֶען דִי בֶּעסְטֶע גֶעטְרַייֶע פְרַיינְד, אֲפִילוּ
ן אַצַייט פוּן אֵיין שָׁעָה, וִוי יוּדֶען. דָאס אִיז אַלְץ אַדַאנְק דֶעם טְהַייעֶרֶען „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם"
אס אִיז אַיינְגֶעפִיהְרְט בַּיי יוּדֶען פוּן תָּמִיד אָן. — אַזַא טְהַייעֶרֶער מִנְהָג וִוי „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם"
ז גָאר בַּיי אַנְדֶערֶע פֶעלְקֶער נִישְׁט אַיינְגֶעפִיהְרְט גֶעוָוארֶען. אִין דֶעם „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם"
גְט דֶער יוּדִישֶׁער כַאראַקְטֶער, דִי פְרַיינְדְשַׁאפְט מִיט דֶער לִיעבְּשַׁאפְט וָואס אֵיין יוּד
ארְף הָאבֶּען צוּם אַנְדֶערֶען יוּדֶען.

בַּיי יוּדֶען אִיז אַיינְגֶעפִיהְרְט וֶוען צְוֵויי פְרֶעמְדֶע מֶענְשֶׁען בַּאגֶעגְנֶען זִיךְ, זֵיי מֶעגֶען
אקֶע זַיין גָאר פְרֶעמְדֶע, צְווִישֶׁען זִיךְ קֵיין שׁוּם גֶעשֶׁעפְטֶען, קֵיין שׁוּם שַׁייכוּת נִיט
אבֶּען, אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען מֶעג זַיין פַארְשִׁיעדֶען אִין כַאראַקְטֶער, אִין דֶער
אנֶע — אוֹיף אַלֶע אוֹפַנִּים אִיז דָאךְ אַמִצְוָה זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין צוּ גֶעבֶּען דִי הֶענְד
נ זָאגֶען „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם" — פְרֶעגֶען „וָואס מַאכְט מֶען" א. ד. ג.

אַ יוּדִישׁ קִינְד אַז עֶס וַואקְסְט אוּנְטֶער, מֶען לֶערְנְט אִיהְם שׁוֹין בְּרָכוֹת זָאגֶען,
ערְנְט מֶען אִיהְם אוֹיךְ, אַז וֶוען אַפְרֶעמְדֶער מֶענְשׁ קוּמְט אַרַיין זָאל עֶר אִיהְם גֶעבֶּען
שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם", וָוארוּם דָאס הֵייסְט — זָאגֶען זֵיי אִיהְם — „דֶרֶךְ אֶרֶץ".

וֶועמֶען פוּן אוּנְז אִיז נִיט בַּאקַאנְט דֶער „יוּדִישֶׁער שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם"? — אִיהְר מֶעגְט
עהֶען גֶעקְלֵיידֶעט וִוי אַגֶעבּוֹירֶענֶער פְרַאנְצוֹיז, זִיךְ גָאלֶען דִי בָּארְד וִוי אֵיין אֻמּוֹת׳עֶר קְרִיסְט
ז אִין אֵייעֶר פָּנִים זָאל מֶען נִיט דֶערְקֶענֶען קֵיין יוּדִישֶׁען אָדֶער, אִיהְר מֶעגְט זַיין אַ
ינֶע דָאקְטָאר, טְרָאגֶען עֶפָּאלֶעטֶען, נָאר פְרִיפְט פַארְפָאהְרֶען אִין אַיוּדִישֶׁער אַכְסַנְיָא;
ל וֶוען דֶער בַּעַל אַכְסַנְיָא וֶועט מֵיינֶען אַז אִיהְר זֶענְט טַאקֶע אַקְרִיסְט וֶועט עֶר אַרָאבְּחַאפֶּען
ר אַייךְ דָאס הִימֶעל, אוּנ בְּרֵייגֶען זִיךְ אִין דְרַייעֶן מִיט שְׁרֶעקֶענִישׁ אוּנ צִיטֶערְנִישׁ פּוּנְקְט
י אִין פַאנְטַשְׁזְנֶע צַייט דֶער חֲלָאס — דֶער מוּזִישִׁיק פַאר דֶעם פָּאלְיַאק; נָאר קַיים דֶערְהֶערְט
ר פוּן אַייךְ אַיוּדִישׁ וָוארְט, צוּ אִיהְר זָאגְט אִיהְם אַז אִיהְר זֶענְט אַיוּד, זָאלְט אִיהְר זֶעהֶען

ווי דער איינענער יוד ווערט גאר איין אנדערער מענש – איהר וועט פאר אייך יש"
זעהען שטעהן דעם פריהערדיגען חלאפ – איורעלע מיט אדערשראקען בלייך
ער ווערט אונטערגעוואקסען מיט עגליבע ווערשקעס. דורך אייער וואורט אז
זענט „איוד״ – זיין ברודער, באקומט ער פלוצים אפרעהליך פנים; מיט שטארקיי
גרויסקייט לעגט ער פריינדליך אריין זיין שווארצע פארהארעוועטע ברייטע האנד
אייער ווייס איראפעאיש האנדטעל... ער זעהט שוין מעהר ניט אין אייך אפריי
ער האט פריהער געמיינט אויף אייך. ער זעהט איצט פאר זיך זיין איינענעם ברח
איהר מעגט זיין וועער איהר ווילט, אבי איהר טראגט נאר דעם נאמען „יוד״, ווייסנ
זעהר גוט און פיהלט זיך איהר ווייסט דעם ביטערן טעם פון יודישע צרות גלייך מיט א
זיין הארץ ווערט איצטער ברייטער ווי לאנגער פאר פרייד וואס ער האט אין
דערקענט איודען און דערלאנגט אייך דעם יודישען „שלום עליכם״ און זאגט אי
„שלום עליכם ברודער, וואס מאכט איוד, ווי אזוי געהט עס יודען אויף
וועלט?״ ...

איך האב אין מיין לעבען ניט געהערט אז א קריסט זאל פרעגען דעם אנ
קריסטען וויא אזוי געהט עס, וויא אזוי לעבען דיא קריסטען מיט זייערע ברידער; א
ווען ער באגעגענט זיך מיט זיין בעסטען גוטען פריינד פרעגט ער איהם נאר אויף
ווייב און קינדער און מעהר ניט. – איך האב אבער נאך ניט געזעהן אז ווען א יוד באגעג
זיך מיט זיין גוטען פריינד, ווען ער פרעגט אויף זיין ווייב און קינדער זאל ער דער
אויך ניט פרעגען וואס טהוען זיינע ברידער, דאס הייסט וויא אזוי געהט עס יודען.

און עס איז גאר קיין וואונדער ניט וואס עס איז אזוי איינגעפיהרט געווארען
יודען – דיא יודישע בלוטיגע געשיכטע, דאס יודישע שווארצע ביטער געמוטשעט לעב
דיא יודישע צרות, האבען אזוי איינגעוואהנט דעם יודען דערצו; דער יוד לעבט שטענ
אין שרעק, אין צרות, אין דאגות, ער איז קיין מאל ניט פארזיכערט פאר דעם צווייי
טאג, ער וואונדערט זיך שטענדיג אליין – וויא אזוי לעבט ער, דארום ווען ער באגעג
נאר פרעגט ער שטענדיג וויא אזוי לעבען דיא אנדערע יודען, וויא אזוי געהט עס זיי
וואס מאכען זייא, דארום האט זיך אין יודישען חאראקטער איינגעווארצעלט דער מנה
אז ער באגעגענט א פרעמדען מוז ער איהם געבען „שלום עליכם״, אויספרעגען איב
יעדער זאך וויא עס געהט איהם, וויא עס לעבט זיך, וויא גלייך ער איז שוין מיט אי
לאנגע יאהרען באקענט און זייא זענען צווישען זיך גוטע ברידער.

פון קינדהייט אן געוואהנט מען דעם יודען אז קיין פרעמדער יוד איז גאר ניט פא
האנדען, אללע יודען קעהרען זיך אן קרובים, פעטערס א. ד. ג.

היינט קען שוין דאס יודישע קינד, וואס וואקסט נאך דעם אויס א גרויסער יח
קוקען אויף יודען וויא אויף פרעמדע?

דיא היינטוועלטיגע יודען האבען שוין אפילו צרויסגעשטופט פון זייער מארע ד
„יודישען שלום עליכם״, צוזאמען מיט נאך א סך יודישע איינפיהרונגען, וועלכע זיי רו

אן אלטיודיש, קלי נשעפאדטעלדיג; זייא לאבען כמעט פון דעם „שלום עליכם" — סטייטש זאגען זייא, וואס קעהר זיך אן מיט מיר דער פרעמדער ער זאל מיר אדער איך איהם טיטשען אונ דריקען די האנד? וואס פאר א מחותן איז ער מיט מיר? — ביי זייא איז איינגעפיהרט אז מען דארף זיך באין אופן ניט וויטמען מיט דעם אנדערן כל זמן עס האט זיך פריהער ניט געפונען קיינער וואס קען זייא ביידען אונ זאל זייא פארשטעלען אונ באקענען מיט א געוויסער פארמאלנאסט: איך האב די עהרע א. ז. וו.

אבער וואס פאר נוצען אונ פארגניגען ברענגט אפט דעם מענשען דער יודישער „שלום עליכם", אונ וואס פאר א זארג, כמעט די גרעסטע נויטה ברענגט דעם מענשען וואס געפינט זיך צווישען היינטוועלטיגע יודען וואס מען וויל גאר ניט וויסען פון דעם יודישען „שלום עליכם".

שטעלט איך פאר אזא געשיכטע מיט אזויגע צופאלען וואס טרעפען זיך אפט מיט א סך מענשען:

א יוד ווערט פארוואָרפען פון זיין היים אין א פרעמדער שטאדט אהן א גראשען, עלענד ווי א שטיין, ער בלאנקעט זיך ארום אין די פרעמדע גאסען אונ זוכט פון אללע זייטען עפעס א מיטעל צום לעבען ער זאל קענען בלייבען וואהנען אין דער שטאדט אדער כאטש דערוויל האבען אויף א שטיקעל ברויט, אונ געפינט ניט דאס אונ ניט יענץ, נאך מעהר, ער האט דעם גאנצען טאג אפילו מיט קיינעם קיין האלב ווארט ניט פאר וועמען אויסצורעדען זיין ביטער הארץ, קיינער פרעגט איהם גאר ניט, עס געהט קיינעם ניט אן. — דא נאטירליך דערמאנט ער זיך אן זיין ווייטער היים, זיינע בעקאנטע אונ גוטע פריינד וואס ער האט אין דער היים, ער פארגעסט שוין איצטער אן דעם וואס ער האט זיך ארומגעבלאנקעט א גאנצען טאג אומזיסט, ער פארגעסט שוין גאר אז ער האט ניט וואס צו עסען אונ איז הונגעריג, ער טראכט נאר וועגען דעם: אך וואו נעם איך כאטש איצט א בעקאנטען, א גוטען פריינד, איך זאל כאטש קענען פאר איהם אויסרעדען מיין ביטער הארץ, מיינע צרות, וואלט מיר א ביסעל געווארען גרינגער" ...

דער עלענדער יוד וואלט איצטער פאר „אויסרעדען זיך דאס הארץ" אוועקגעגעבען צעהן יאהר לעבען... נאר אט געהט ער אין קלויז, אדער אין גאס, וואו עס שטעהט א העדעל יודען, די יודען דערזעהן דעם פרעמדען יודען אונ דריקען איהם אללע גלייך די האנד, געמיינע לייט, בעלי בתים אונ גבירים, אללע גלייך געבען איהם דעם פריינדליכען „שלום עליכם" אונ פרעגען איהם „פון וואנען איז א יוד, מה שמכם?"

ביים פרעמדען עלענדען יודען זענען די עטליכע ווערטער א טרייסט פאר זיין פארביטערט הארץ, ער קוקט זיך ארום אונ זעהט אז ער איז שוין ניט אזוי עלענד, אונ ווי עס פיהרט זיך ביי יודען — מיט דעם „שלום עליכם" ענדיגט זיך נאך ניט, מע פרעגט איהם: ווי אזוי עס געהט איהם, וואס איז זיין פרנסה, מיט וואס פארנעמט ער זיך א. ז. וו. אונ טאמער פארשטעהט מען אן זיינע רייד אז ער איז הונגעריג, געפינט

זיך באַלד אַ יוד וואס אהן שום צערעמאָניעס, בעט איהם צו זיך אַהיים, זעצט איהם בײם טיש אויבען אָן גלײך מיט זיך, ער הייסט דעם ווייב דערלאַנגען וואס עס [illegible] נאר דא אין שטוב און ניט אַכטונג דער פרעמדער יוד זאל ווערען זאט; טאָמער דער פרעמדער יוד איין אָרעמאַן ד. ה. ער טראָגט צוריסענע קליידער, רעדט ער מיט איהם בײם טיש פון תורה, און אַז ער געהט אַוועק ווייסען דאס ווייב און קינדער בײ זיי האט היינט געגעסען איין „אורח". נאר טאָמער איז דער פרעמדער יוד אַזא [illegible] אָרעמאַן וואס טראָגט דווקא גאַנצע קליידער נאר ער געפינט זיך אין אַ שלעכטער לאַגע [illegible] דורך וועלכע ער האט איצט געמוזט אָנקומען צו אַ פרעמדען טיש, מיט אַזא [illegible] אָרעמאַן רעדט דער בעל הבית בײם טיש ניט פון קיין תורה נאר פון וועלטזאַכען, מיט אַ סוחרישען יודען, און אַז ער געהט אַוועק ווייסט דאס ווייב אַז בײ איהר [illegible] האט היינט געגעסען דעם מאַנס „אַ בעקאַנטער סוחר" און בײ די קינדער הייסט [illegible] סוחר אַ „פעטער"...

זעהן מיר דאס בײ די היינטוועלטיגע יודען? בײ זיי קען זיך אַרומדרעהען [illegible] פרעמדער יוד חדשים לאַנג, און טאָמער האט ער ניט געהאַט דאס גליק צו האָבען בעקאַנטען וואס זאל איהם פאָרשטעלען מיט אַלע מאָדנע צערעמאָניעס, מעג ער [illegible] שטאַרבען פאר אַ שטיקעל ברויט, אויסגעהן פאר הונגער אין גאַס, וועט איהם קיינער ניט פרעגען ווער און וואס און ווען; פּראָבט זשע אָנהויבען צו רעדען אומבעקאַנטערהייט (ניט פאָרגעשטעלט), וועט ער אייך ענטפערן איין וואָרט איבער אַ צעהנטען, אָדער גאר ניט. ער וועט נאך קוקען אויף אייך מיט שפּעטישע אויגען ווי אויף אַ „יאָלד[illegible] וואס ווייסט ניט ווי אַזוי מע פיהרט זיך אין דער היינטיגער וועלט צווישען מענשען...

זאָגט וואס איהר ווילט, נאר מיט דעם „יודישען שלום עליכם" האט קיין יוד זין [illegible] ניט וואס צו שעמען! דער „שלום עליכם" איז איינער פון די עטליכע טהייערע מנהגים [illegible] וואס נאר טאַקע יודען פאַרמאָגען זיי. אין דעם „שלום עליכם" געפינען זיך אַ סך גוטע [illegible] זאַכען. ווער ווייסט? עס קען זעהר זיין אַז דעם „שלום עליכם" האָבען מיר יודען [illegible] אַ סך צו דאַנקען וואס אין די צוויי טויזענד יאָהר זינט מיר זענען צושפּרייט געוואָרען צווישען אַלערלייא פרעמדע פעלקער, זענען מיר ניט פאַרפאַלען און ניט פאַר פרעמדע געוואָרען און יודען זענען געבליבען עד היום הזה כאיש אחד...

דאַרום איז אויך קיין וואונדער ניט וואס צוויי פרעמדע יודען (איך מיט דעם וואס איך בין איהם נאָכגעגאַנגען) האָבען זיך אין אַ שעה אַזוי גוט באַקאַנט און איך האב אָנגעהויבען אָפּט אַריין געהן צו איהם אין יזטוב. ווי פאַרוואונדערט בין איך געוואָרען ווען איך בין געקומען דאס ערשטע מאל, און האב געזעהן ווי ער געהט אָנגעטהון בעל־בתיש, ד. ה. מיט גאַנצע קליידער און זיין שטוב איז אַזוי אָרעם... עפּעס אַ קאַנורע, אַ קליין שטיבעל מיט אַ גרויסער קאך, דאס ווייב מיט די קינדער אָבגעריסען אָבגעשליסען און אויסגעזעהן ווי גלייך זיי האָבען שוין דריי טאָג ניט געגעסען.

און ער געהט אנגעטהון נאבעל, [illegible]? האב איך זיך אליין געפרעגט — איך מיט א שאן שטעקעל אין דער האנד, פארט בעל-בתיש, און זיין ווייב און קינדער געהן ווי שלעפערס און טראגען קוים א גאנץ העמד אויף זיך. וואס הייסט דאס? איז דען מעגליך ער זאל זיין אזא עגאאיסט אז ער האט נאר ליעב זיך, אז עס [illegible] ניט ווי זיין אייגען ווייב און קינדער געהן אזוי שאנדליך, זאל עס זיין אז עס [illegible] איהם ניט? ווען ער איז מאקע אזא גרויסער ארעמאן, וואס-זשע געהט ער אזוי שיין געקליידעט?

איך האב זיך לאנג ניט געקענט איינהאלטען און צווישען צוויי אויגען האב איך איהם דאס געפרעגט. — פרעגט מיך גאר ניט, האט ער מיר ניט ווילענדיג געענטפערט מיט זעהר א טרויעריגער פארזארגטער מינע — איך וואלט אייך מוחל געווען די בעל-בתישע קליידער, מיט דעם שאנעם שטאקעל מיט דער גאנצער גאס וואס איך שפאן ארום [illegible] טאגליך אומזיסט און אומנישט. איך האב עפעס דערפון? — איך רייס נאר אומזיסט די שטיוועל, וואס זיי קאסטען מיך פיעל בלוט אײדער איך האב זיי געמאכט און קים נאר אהיים מיט פארדראס אויף דער גאנצער וועלט, אויף ווייב און קינדער און אויף זיך אליין...

— גלויבט מיר, ליעבער יוד, האט ער ווייטער געזאגט, נאכדעם וואס ער האט ביסעל געטראכט — איך וואלט ליעבער שטענדיג געזעסען אין שטוב — אין דער פינס[ט]ערער קאנורע, אבגעריסען אבגעשליסען גלייך מיט מיין ווייב און קינדער, אײדער [illegible] די וויסטע גאס — די וועלט... נאר מיין ווייב און קינדער לאזען אפילו ניט אין דער פינסטערער קאנורע רוהען... זיי טרייבען מיך ארויס...

— אבער פון דעסטוועגען איז אייך פיעל בעסער פון אייערע קינדער, פון אייער ווייב, זיי ליגען אין דעם לאך, אין דער פינסטער, זיי זעהן פאר זיך קיין מאל נישט די ליכטיגע וועלט, זיי געהן אפילו נישט אויף א שעה ארויס אויף דער גאס צו פארגעסען אויף א קליינער צייט זייער ביטערע לאגע, אבער איהר, איהר זעהט פארט פאר זיך די ליכטיגע וועלט, איהר געהט אוועק פון דער היים — פארגעסט איהר האטש אויף עטליכע שעה די צרות, דאס ארימקייט, די נויטה...

— אוי, ליעבער יוד, האט ער מיר געענטפערט, פרעגט מיך בעסער גאר נישט, וויל איהר וועט מיך גאר נישט פארשטעהן ווען איך וועל אייך דערצעהלען. אלין קיין [illegible], ווען ער ווילל נאר און שאלעוועט נישט קיין מיה, ער קען אפילו [illegible] דעם הימעל מיט די שטערען, ווי אזוי זיי געהן און דרעהען זיך. [אב]ער צו וויסען וואס עס הייסט ארימקייט, נויטה — העלפט נישט קיין שום לערנען, [נא]ר דער וואס האט אליין איבערגעטראגען ארימקייט און נויטה, דער קען פארשטעהן [וו]אס דאס איז, און דערצו איז נאך דא אלערליי ארימקייטען, אלערליי נויטהען, און [illegible] זיי [illegible] איז עס גלייך. [illegible] פרעגט מיך אבער [illegible] [illegible] וואס [illegible] קומען זיי פאר גאנץ נאטירליך, איהר זאגט אז מיר איז בעסער פון

מיין פאמיליע, איך זעה פאר מיר די גאס, די וועלט, און פארגעס אויף עטליכע שע
מיינע צרות. איהר האט אבער א גרויסען טעות ווען איהר מיינט אזוי. אמת מאכ
די ליעבע זונן מיט דעם ליכטיגען הימעל קוקען אויף דעם רייכען און אויף דעם אר
מאנן, אויף דעם גליקליכען און דעם אומגליקליכען גאר גלייך, גאר פאר וואס פרעג
איהר נישט ווי אזוי דער אומגליקליכער ארימאנן קוקט אויף דער ליעבער זונן און או
דעם שאנעם הימעל? ער וואלט זיך שטענדיג געפיהלט גליקליך ווען ער זאל זי
קענען באהאלטען אין א פינסטער לאך, וואו מע זעהט קיין מאל נישט די זונן און קי
ליעבעדיגען מענשען, ווייל די גאנצע שאנע נאטור: די זונן, די לבנה, די וועלדער
די בלומען, פון וועלכע דער רייכער, דער גליקליכער קוועלט גאר אן, רייצען נא
דעם אומגליקליכען ארימאנן, ער באטראכט שטענדיג אז זיי זענען באשאפען איה
אויף להכעים, גלייך ווי די שאנע דירות מיט די טהייערע מעבעלס, פייערדיגע פער
מיט קארעטים, גוטע אנגעבייטענס מיט שאנע מלבושים א. ד. ג., צו וועלכע דע
ארימאנן קען נישט קומען, רייצען איהם; נא, געהט עפים די נאטור מיט איה
שמייכלען דעם ארימאנן אין קאפ אריין? אוי, מיין ליעבער יוד, אייביג, אייבי
וואלט איך געזעסען אין מיין פינסטערע לאך, האטש נאר דערפאר איך זאל נישט
אנקוקען די וועלט מיט איהר גאנץ ליכטיגקייט...

איך האב מיך ביי דעם יודען פארט נישט געקאנט דערפרעגען וואס איך האב
געוואלט.

VIII.

עטליכע טאג שפעטער איז מיר ווייטער אויסגעקומען צו זיין ביי איהם אין שטוב,
איך האב איהם געטראפען צו הויז. ער האט עפעס געטעניט מיט זיין ווייב.

— היינט וועל איך שוין נישט געהן אין גאס, האט ער איהר געזאגט, ווייל
וואס זאל איך מיך ארומדרעהען פוסטע פאס, גאר אהיים קומען מיט פערדרוס און
וואללען אויסלאזען אויף איין אנדערן מיין הארץ, אומזיסט זיין אין כעס און מיך
טשעפען צו דיר און צו די קינדער...

— יא, האט זי געענטפערט, וואס וועט זיין פון דעם וואס דו וועסט זיצען אין
שטוב? דא וועסט דו גאר נישט אויסזיצען, פון זיצען אין שטוב וועלען מיר קיין
מיטטאג נישט קאכען...

— וואס זשע וועל איך טהון אין גאס אז קיין געשעפטען האב איך נישט, סיידען
דו ווילסט איך זאל אומזיסט רייסען שטיוועל, וועלכע זענען מיר גענוג ביטער אנגעקומען.

— געה, רייס אומזיסט די שטיוועל, אבי זיין נישט ביי טאג אין דער היים...
ניי גלייך מיט אלע יודען, ביזט דען נישט אזא מענש ווי זיי? וואס זשע זענען מיר

אונגליקלעכער פון אַלע? מיר האָבען אַ גאַנץ גלייך מיט זיי. איך פיהל מיך גאַר ניט אַזוי זינדיג אַז גאָט זאָל מיך אַזוי שטראָפען.

זי האָט אָנגעהויבען וויינען, אָהן װאָרטער. ווי אַ פערשולדיגטער האָט ער זיך באַלד אָנגעטהון און איז אַוועקגעגאַנגען.

— אַ דאַנק גאָט, האָט זי געזאָגט נאָך זיין אַוועקגעהן, וואָס ער האָט האָטש אַ גאַנץ מלבוש און קען אַרויסגעהן אויף דער גאַס און זיך ווייזען צווישען מענשען. אַזוי — וואָס וואָלט איך געטהון? אָט דאַרף היינט דער וואַכענגעלעבער קומען נאָך דעם קערביל, אין קליינטיל דאַרף מען שוין אויך אָבגעבען... וואָס וואָלט איך געטהון ער זאָל חס ושלום ניט האָבען מיט וואָס אַרויסצוגעהן אויף דער גאַס?

אין די ריד האָב איך שוין פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער געהט אַזוי בעל־בתיש אָנגעטהון.

— מיט וואָס פאַרנעמט זיך אייער מאַן? האָב איך זי פּלוצים געפרעגט.

זי האָט מיך איניגע מינוט פאַרוואונדערט אָנגעקוקט, ווי איך קום גאַר צו אַזאַ פראַגע, דערנאָך האָט זי מיר געענטפערט:

— איך ווייס? איך זאָל אַזוי מיט אייך און מיט אַלע אונזערע גוטע פריינד ניט וויסען פון קיין בעזן ווי איך ווייס ניט.

— ער ברענגט דאָך אָבער יאָ אַמאָל אַהיים אַ קערביל אויף דער הוצאה פון דער שטוב?

— וואָס דען? אַז גאָט העלפט ברענגט ער. פון וואָס דען לעבען מיר! אַי וואו נעמט ער דאָס קערביל, וואו פאַרדיענט ער עס? דאַרויף איז ער דאָך אַ מאַנסביל — אַ יוד פון ווייב און קינדער, און פון וואָס פאַרדיענען אַלע יודען?

ווי איהר זעהט, האָט זי מיר געענטפערט דעם איינענעם פּוסטען תירוץ וואָס אַלע ענטפערן מיר ווען איך פרעג זיי „פון וואָס צווינגע יודען לעבען?"



אָבענד־צייט איז ער געקומען אַהיים, ער האָט בייז אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם טולוף, באַז אַוועקגעשטעלט דעם שטעקען און באַז אַרויסגענומען עפּעס געלד און איהר געגעבען. עטליכע מינוט האָט ער געשוויגען און אויף קיינעם ניט געקוקט, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען זיך טשעפּען צום ווייב און צו די קינדער.

אויף דעם ווייב האָט ער אויסגעצויבט פון אונטער דער ערד אַלטע חטאים, למשל: פאַר דריי יאָהרען איז ביי איהם געוועזן צו גאַסט זיינס אַ קרובה, האָט זיין ווייב זי ניט שאָן אויפגענומען; צוריק מיט עטליכע חדשים האָט ער געזאָגט מע זאָל קויפען אַ פּאָר שיך ביי טרייטיל שוסטער און זי האָט געקויפט ביי פּייטלין; פאַר פיער יאָהרען, אַז ער האָט נאָך געהאַט עטליכע קערבלעך, האָט ער געוואָלט ווערען אַ שענקער, האָט זי געדרונגען ער זאָל גאַר ווערען אַ קרעמער, ביז ער האָט דערלענגט

דֶעם לֶעצְטֶען גְרָאשֶׁען. אַזוֹיגֶע טַעֲנוֹת הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אוּן אִין אַלֶעמֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְ דָאס וַוייבּ.

זַיינֶע קִינְדֶער הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גֶעשׁוִויגֶען, אוּן גֶעזוּכְט אוֹיף זֵיי אַלְטֶע אוּן נַייֶע חֲטָאִים, נָאר מִיט זֵיי הָאט עֶר גָאר קַיין טַעֲנוֹת נִישְׁט גֶעמַאכְט, דֶעם הָאט עֶר גֶעגֶעבֶּען אַ פַּאטְשׁ פַּארְוָואס עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים עֶק טִישׁ, דֶעם אַ זֶעץ פַּארְוָואס עֶר הָאט אָנְגֶערִיהְרְט דָאס גְלָאז, דֶעם הָאט עֶר גֶעזִידֶעלְט, וַוייל עֶס הָאט זִיךְ אִיהם אוֹיסגֶעוִויזֶען אַז עֶר ווִילל וַויינֶען.

„דֶער יוּד אִיז גָאר מְשׁוּגָע גֶעוָוארֶען, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעטְרַאכְט, וָואס הָאט עֶר צוּ זַיין אוּמְגְלִיקְלִיךְ וַוייבּ אוּן קִינְדֶער? וָואס טְשֶׁעפֶּעט עֶר זִיךְ צוּ אַלְטֶע חֲטָאִים?"

דָאס וַוייבּ אוּן דִי קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ אוֹיף זַיין רֶאזֶערן אֲפִילוּ נִישְׁט אוּמְגֶעקוּקְט, ווִי גְלַייךְ מֶע מֵיינְט גָאר נִישְׁט זֵיי. עֶר אִיז אָבֶּער טַאקִי דֶערְפַאר נָאךְ מֶעהר בֶּאז גֶעוָוארֶען אוּן וָהָאט הֶעכֶער גֶעשְׁרִיגֶען בִּיז עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רַייסֶען אוֹיף זִיךְ דִי הָאר אוּן שְׁפְּרִינְגֶען, דֶערְנָאךְ אִיז עֶר אַלֶע מָאל שְׁטִילֶער אוּן שְׁטִילֶער גֶעוָוארֶען, צוּם סוֹף הָאט עֶר עֶטְלִיכֶע מִינוּט שְׁטִיל גֶעוֵויינְט, אָהן וָוארְטֶער.

אִיךְ הָאבּ בֶּעמֶערְקְט ווִי צְוֵויי גְרוֹיסֶע קַאלֶעכִיגֶע טְרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אַרָאבּגֶעקַאטְשִׁיט פוּן זַיינֶע בַּאקֶען, עֶר הָאט זֵיי אָבְּגֶעווִישְׁט קֵיינֶער זָאל נִישְׁט זֶעהן, עֶר הָאט גֶעוֵויינְט מִיט דֶעם הַארְצֶען, נִישְׁט מִיט דִי אוֹיגֶען...

— אִיהר הָאט הַיינְט גֶעגֶעסֶען אָנְבַּייסֶען? הָאט עֶר פְּלוּצִים גֶעפְרֶעגְט דָאס וַוייבּ; אוּן מִיט טְרַיישַׁאפְט הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ קוּקֶען אוֹיף זַיינֶע קִינְדֶער.

— אִיךְ הָאבּ גֶעבָּארְגְט אִין קְלֵייטֶעל בִּיז מָארְגֶען, הָאט זִיךְ זַיין וַוייבּ אָנְגֶערוּפֶען, אוּן דוּ הָאסְט גֶעגֶעסֶען?

— פַאר מִיר זָארְג זִיךְ נִישְׁט... הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט.



— אִיהר הָאט מִיךְ אָנְגֶעקוּקְט ווִי אַ מְשׁוּגָענֶעם? הָאט עֶר מִיר שְׁפֶּעטֶער גֶעזָאגְט. אוּמְזִיסְט הָאט אִיהר אַזוֹי גֶעמֵיינְט. בַּיי יוּדֶען רוּפְט מֶען אַזאַ מְשׁוּגַעַת מִיט דִי וָוארְטֶער; „אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער לִינְקֶער זַייט"; „אַ נִישְׁט-גוּטֶער אִיז אִיהם אִיבֶּערגֶעגַאנְגֶען"; „עֶמִיצֶער הָאט אִיהם גֶעקֶערְט הַיים אָבּ בָּאדֶען, אִיז עֶר גֶעקוּמֶען אַהֵיים אוֹיסלָאזֶען דָאס וַהַארְץ" א. ד. ג., אִיהר מֵיינְט אֶפְשַׁר עֶס אִיז נִישְׁט אֱמֶת? דָאס וֵוייסְט נָאר דֶער אָרֶעמַאנְן, זַיין מַזָל אִיז אַזוֹי פִינְסְטֶער אַז אֲפִילוּ וֶוען גָאט הֶעלְפְט, עֶר קְרִיגְט שׁוֹין דָאס קֶערְבֶּעל אוּן דָאס וַוייבּ אוּן קִינְדֶער בַּאגֶעגֶענֶען עֶס מִיט שִׂמְחָה, קֶען עֶר אוֹיךְ פוּן דֶער גְלִיקְלִיכֶער מִינוּט קַיין הֲנָאָה נִישְׁט הָאבֶּען, גְרָאד דֶעמָאלְט מוּז עֶר זִיךְ קְרִיגֶען מִיט דֶעם וַוייבּ אוּן שְׁלָאגֶען דִי קִינְדֶער אוּמְזִיסְט אוּן אוּמְנִישְׁט, אוּן דֶערְנָאךְ עֶסְט עֶר זִיךְ אַלֵיין אָבּ דָאס הַארְץ פַאר וֵוייטְהִיג. וַואס הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט צוּ פְּלָאגֶען דִי

נגליקליכע וועלכע ליידען ביי מיר הונגער און קעלט און ווייסען מעהר נישט ווי
וויסטע נויטה? נאר עס איז שוין אזוי, דעם ארעמאנס קערביל וואס גאטט שיקט
הם א מאל צו, איז שוין אזא מין קערביל — א קבצניש קערביל! ווייסט איהר וואס
הייסט א קבצניש קערביל? אט וועל איך אייך ווייזען, האט ער ווייטער געזאגט:
איך בין איין ארעמאן, געהט ביי מיר אוועק גאנצע געלד, אפילו א לעפעל וואסער
קט געלד ובפרט נאך ברויט, און איך מוז דורך דער וואך אהיים ברענגען עטליכע
בל, האטש די נדוה צו דערהאלטען, נאר וואו נעם איך די דריי פיער רובל וואס
העען ביי מיר אוועק א וואך? איך לייהע און בארג, בארג און לייהט, דאס איז מיין
נסה...

— נא, און יענער לייהט אייך? בין איך איהם אריינגעפאלען אין די רייד, ווער
לל דען לייהען אזא ארעמאנן ווי איהר זענט?

— אזא ארעמאנן ווי איהר ווייסט, ווייסט קיינער נישט אז איך בין, אוודאי האלט
ן מיך נישט פאר קיין גביר, קיין הונדערטער לייהט מען מיר נישט, נאר א קערביל,
ן איך געה און מוטשע מיך גוט אן, געפין איך אזוינעם וואס לייהט מיר.

— נא, לייהען קען אייך יענער איין מאל, איהר האט דען אפצוגעבען?

— וואס דען מיינט איהר? איך גיב טאקי אב, איך לייה ביי דעם און גיב אב
נעם, איך דעק צו איין לאך און פארשטעק דערמיט דעם אנדערן, דאס איז מיין
נסה, אט היינט, למשל, זועבערים וואס איך בין מיך אנגעגאנגען און האב מיך אני
גמוטשעט, האב איך ביי איינעם געליגען דריי רובל, צוויי האב איך אבגעגעבען צוויי
ענשען, ביי וועלכע איך האב פאר עטליכע טאג געליגען, כדי איך זאל טאקי מארגען
קענען ווייטער ביי זיי לייהען, און איין קערביל האב איך געבראכט דעם ווייב.

— איך פארשטעה אייך נישט, אבער סוף כל סוף מיט וואס קען זיך דאס אויסלאזען?

— ווער טראכט היינטיגע ביטערע יאהרען פון א סוף? מע זאל וועלען
עטראכטען דעם סוף ווי איהר זאגט, וואלט מען גאר נישט בעדארפט עסען און
רינקען. נאר עס קלעמט דאס הארץ, מוז מען עסען און מע טראכט נאר נישט אויף
טפעטער. איך פארשטעה זעהר גוט אז דער סוף דערפון מוז זיין זויער און ביטער,
זא מין קערביל איז טאקי א געמוטשעט קערביל, אז מע קריגט עס און מע באטראכט
ס, ווערט אזוי נישט גוט, אז מע לויפט אהיים אויסלאזען דאס ביטערע הארץ צום
ייב און די קינדער. דער זינדיגער מענש איז שוין אזוי געשאפען, אז ווען עס איז
יהם פרעהליך אויפן הארצען, וואלט ער גערן געזעהען די גאנצע וועלט זאל מיט איהם
אנצען און זיין פרעהליך, נאר מאמער איז ער טרויעריג און פארביטערט דארף די
אנצע וועלט אויך זיין טרויעריג. נאר אזוי ווי א מענש קען די גאנצע וועלט נישט
ווינגען מיט איהם מיטצוויינען, פארדערט ער דאס פון זיין אייגען קליין וועלטעל — פון
יין פאמיליע. עס פארשטעהט זיך אז דער מענש פארמערקט גאר נישט אז דערמיט איז

ער אַיין ,ענאאיסט, נאר ,עס איז שוין אַזוי, דער אומגליקליכער אַרימאַן וייבט נאָך ניש פון קיין אַנדער לעבען: ,ענטוועדער די פאמיליע בעהיינט איהם און שרייט ז: זי איז הונגעריג. ,ער זאל געבען אויף ,עסען. אַדער אַז ,עס איז שוין יא דאַ דאס קערביל אויף ,עסען, לאָזט ,ער אוים צו זיי דאס ביטערע האַרץ.

„אויב געמוטשעט הייסט אויך געלעבט — לעבט מיין יוד אויך". האָב איך אין זיך געטראַכט אַרויסגעהענדיג פון זיין שטוב, און בין ווייטער דורכגעגאַנגען די גאַס, און האָב ווייטער געזעהען ווי יודען לויפען אַהין און אַהער, יעדער האָט קיין צייט נישט, יעדער אַיילט זיך, ווי גלייך ,ער קעהרט איבער וועלטען און — מע שעפּט גאָלד!

---

## IX.

ענדליך בין איך ב"ה פון לעטיטשעוו אַרוים געפאָהרען מיט דער אַקס ביז דער סטאַנציע דראזשנא (יונא זאַפאַדנע באַהן) און נאָך דריי מעת לעת רייזע בין איך געקומען קיין פּעטערבורג. — אַנייע וועלט, אַנייעס לעבען, נייע מענשען, נייע אויפפירונגען און נייע האָפּענונגען! דאַ צווישען די נייע מענשען און נייע אויפפירונגען האָב איך אָבגעלעבט עטליכע גוטע און שלעכטע נאָר זעהר אינטערעסאַנטע יאָהרען. ניט מיט איין איינציג וואָרט וועל איך איצט די עבליכע יאָהר דאָ דערמאָנען, הגם איך וועל מיינע פּעטערבורגער יאָהרען אין מיין גאַנץ לעבען ניט פאַרגעסען, נאָר אויף אַאַנדער צייט ווען גאָט וועט נאָר לאָזען לעבען און געבען קראַפטען וועל איך דערפון רעדען. און איצט נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זיטצענדיג אויף איין אָרט פאָהר זיך ווייזער אָבער ניט קיין פּעטערבורג נאָר שוין פון פּעטערבורג, איך פאָהר און דערמאָן זיך איצט אין די מינוטען ווען איך בין צוריק מיט יאָהרען אַריין געפאָהרען אין דער זעלבע גרויסער שטאָדט און וואָס פאַר אַגרויס פערגעניגען האָב איך דאַן געהאט דערפון וויא וואָס ווייטער זעהט מען אַלין עפּים שאַנערס, בעסערס, לעבעדיגערס, פרעהליכערס; וואָס ווייטער אַ שריט צו דער גרויסער שטאָדט, באַגעגעט איהר נייעס וואָס מען זעהט עס ניט אין קיין קלענערער שטאָדט, מען קיקט אויף אַללעס, מען וואונדערט זיך און מען האָט גרויס פערגעניגען.

און איצטער אַרויספאָהרענדיג פון דער זעלבער גרויסער שטאָדט איז פונקט פאַרקעהרט: אין גאַנצען אין אַצייט פון פינף מינוט זיצענדיג אין וואַגאָן און קוקענדיג דורך דעם פענסטער פאַרלירט מען גיך דאס בעסטע און שענסטע; אָט זעהט מען שאָנע מויערען, גרויסע מאַגאַזינען, שאָנע וויוועסקים, שאָנע גאַסען, שאָנע קאַרעטעס, אויסגעפוצטע מענשען, אַללעס לעבט פאַר די אויגען, אומעטום איז פרעהליך — מיט צוויי מינוט שפּעטער פאַרלירט מען דאס אַללעס און עס הויבען זיך אָן נייע קאַרטינעס: זאַוואָדען, פאַבריקען מיט לאַנגע קוימענס; נאָך אַמינוט — נייע קאַרטינעס: נידריגע

י, קינע פענסטער, איינגעהויקערטע שטיבעלעך פון אָרעמע בויערן, וואס ען אין עק שטאדט; נאך א מינוט פארלירט מען שוין דאס אויך!

אין גאנצען פינף מינוט אז איך בין ארויסגעפאהרען פון פעטערסבורג און שוין פיעל פארלוירען אויף לאנג, אויף אצייט, ווער ווייסט אויף וויפיעל, דאכט זיך אחודש און טאמער אויף שטענדיג; ווער ווייסט צו מען וועט מיר גאר נאך אמאל לאזען אין דער שאנסטער שטאדט פון גאנץ רוסלאנד; כאטש איך פיהל מיך דא ענקט, נאר מען איז פארט געטליבע יאהר געוואהנט געוואָרען צו דעם אָרט, עס באנג, נאר ...

נאר נייע בילדער נייע געדאנקען: קיין איינגעהויקערטע שטיבלעך איז שוין ניט דא! עס פליהען שטיקער ערד און שטיקער הימעל, עס שפרינגען בערג, יער, סטאלבעס פון טעלעגראפען, ווערסטען, בודקעס און בריקלעך פון דער רבורג-ווארשאווער אייזענבאהן.

אזוי איז אוועקגעגאנגען אשעה און נאך אשעה ביז עס איז נאכט געוואָרען. די דע אָבענד-לופט פון דעם געבענשטען חודש מאי האט זעהר גוט געווירקט אויף רויסשטאדטיגע סטאליטשנע פאסאזשירען; דער רעש, דער געפילדער פון דער ער שטאדט איז ארויס, מען האט זיך געפיהלט ווי גרינגער, דער קאפ איז רוהיגער רען, יעדער האט זיך אנגעהויבען פיהלען נאהנטער צו דער נאטור. אסך פאסא- ען האבען שוין אוועקגעוואָרפען די פענסטער און אנגעהויבען זיך ארומקוקען וואס ז זיך אין וואגאן, יעדער איז זיך געזעסען אויף זיין אָרט שטיל, רוהיג, איינינגע ען אפילו געהאט געגוג אָרט זיך אויסצורוהען, און ווי דער שטייגער איז צווישען אזשירען, אהן שום באקאנטשאפט האט מען גלייך אנגעהויבען צווישען זיך איבער- ען פון אזויגע זאכען ווי גלייך מען איז אלטע בעקאנטע, מען געהערט צו איין טע, צו איין רעליגיע, אבי ניט קיין יוד!... אפילו אין וואגאן איז איוד אויך אויסנאהמע. נאר די פעטערבורגער פאסאזשירען האבען אין מיר ניט דערקענט אז בין איוד ... ניט דערפאר וואס איך האב הס ושלום קיין יודיש פנים ניט, פונקט קעהרט, נאך מיין געזיכט און נאך מעהר אין מיינע אויגען דערקענט מען מיך השם באלד אז איך בין געלויבט איז גאט איוד. איהר זאלט ניט קענען מיינען איך באריהם זיך דא פאר אייך דערמיט, קען איך אייך שטעלען עדות די קיעווער, קאווער און מאסקאווער איזוואשטשיקים אז איך זאג חס ושלום ניט קיין ליגענד. איך בין געוועזען אין די דריי שטאדט און בין געגאנגען אויף דער גאס, האבען מיר איזוואשטשיקים הונדערט סאזשען ווייט נאכגעשריגען:

— עי! זא פאלטיניק פריאמא איק גאשפאדינא בראדסקאמו אוו דוואָרעץ!

— נא! דעסאט קאפעעק יעהא וישאקארא: באראנא גינצבורגא אוו פעטערבורג. וו. און ז. וו.

**אז** נַאז דִי קִיֶעווֶער, כַארְקאָווער, מָאסְקְווֶער זֶענִין מְבִינִים אויף אַיוּדֶען קֶען אִיךְ **אייך** גֶעהְן שְׁווֶערֶען. פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער אָבֶּער זֶענִין גאָר קֵיין מְבִינִים נִיט אויף אַיוּדֶען; אוּנ װירְקְלִיךְ זֵיי דֶערְקֶענֶען אַיוּדֶען נאָר דֶענְצֻמָאל װֶען עֶר טְרָאגְט לַאנְגֶע פֵּאוֹת, אַנַגֶערְטֶעל מִיט שִׁיךְ אוּנ זָאקֶען, מִיט אֵיין אַיינְגֶעהוּיקֶערְטֶען רוּקֶען, וַויל דָאס רוֹב פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער האָבֶּען אויף זֵייֶער גַאנְץ לֶעבֶּען נִיט **גֶעזֶעהְן** קֵיין אָרִיגִינֶעלֶען יוּדֶען, זֵיי קֶענֶען יוּדֶען פוּן דֶעם טֶעאַטֶער, וואוּ מֶען שְׁטֶעלְט פָאר יוּדִישֶׁע טִיפֶּען. זֶעהְט אִיהְר—פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער גֶעבּוירֶענֶע יוּדֶען דֶערְקֶענֶען זֵיי בַּאלְד, נאָר דִי פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער גֶעבּוירֶענֶע יוּדֶען זֶענִין גאָר אַנְדֶערֶע טִיפֶּען, זֵייֶער גַאנְג, זֵייֶערֶע קְלֵיידֶער, זֵייֶער גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז גָאר אַנְדֶערְשׁ וִוי בַּיי יוּדֶען פוּן יוּדִישֶׁע אֶרְטֶער.

אִיךְ בִּין אָבֶּער אַיוּד פוּן יוּדֶענְלַאנְד, דָאס הֵייסְט פוּן קִיֶעווֶער גוּבֶּערְנִיֶע, קְלֵיידֶער טְרָאג אִיךְ נִיט קֵיין יוּדִישֶׁע, קֵיין פֵּאוֹת אוֹיךְ נִיט, אַנַארְטִיל מִיט שִׁיךְ אוּנ זָאקֶען אַוַדַאי נִיט, נאָר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען מַיינֶע אוֹיגֶען אִיז ב"ה גֶענוּג מֶען זָאל אִין מִיר דֶערְקֶענֶען אַז אִיךְ בִּין אַיוּד. נאָר דִי פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער זֶענִין אָבֶּער אויף אַיוּדֶען קֵיין מְבִינִים נִיט, דַארוּם הָאבֶּען זָאפְט דִי פֶּעטֶערְבּוּרְגֶער אִיזְוָואשְׁטְשִׁיקִים אויף מִיר אַטָעוּת אוּנ מֵיינֶען אַז אִיךְ בִּין אֵיין אַרְמֵיאנִין, אַגְרֶעק, מִיט אֵיין וָוארְט אַ„וָואסְטָאטְשְׁנִי טְשֶׁעלָאוֶועק" אוּנ מֶען שְׁרַייֶעט מִיר נִיט נאָךְ „יַאנְקֶעל" אָדֶער „אִיצְקֶע".

אִין מַיין פָּנִים אוּנ אִין מַיינֶע אוֹיגֶען הָאט מֶען מִיךְ אִין וַואגָאן אויךְ דֶערְקֶענְט אַז אִיךְ בִּין אֵיין אַרְמֵיאנִין, אַגְרֶעק, אַ„וָואסְטָאטְשְׁנִי טְשֶׁעלָאוֶועק" נָאר נִיט קֵיין יוּד, אַ סִימָן אַז בַּאלְד הָאט אֵיינֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ פַאר מִיר זְשַׁאלֶעוֶועןְ אָנְוַויזֶענְדִיג אויף צְוֵויי יוּדֶען מִיט לַאנְגֶע קַאפָּאטֶעס וָואס זֶענִין גֶעזֶעסֶען אִין אַווִינְקֶעל:

— זֶעהְט, אוּמֶעטוּם וַואקְסֶען זֵיי אוֹיס אוּמֶעטוּם קְרִיכֶען זֵיי.

— וֶוער? הָאבּ אִיךְ גֶעפְרֶעגְט.

— אָט דִי יוּדֶען, אָט זֶענִין זֵיי דָא אויךְ דָא, זֵיי הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין אַלֵיין גֶעמַאכְט אַבַּאזוּנְדֶערֶע יוּדִישֶׁע „טְשֶׁערְטַא" אִין וַואגָאן, אַבַּאזוּנְדֶער קָהָל אוּנ רֶעדֶען שׁוֹין פוּן זֵייֶערֶע יוּדִישֶׁע שַׁאבֶּער-מַאבֶּערְס.

אִין דִי עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער הָאבּ אִיךְ בַּאלְד דֶערְקֶענְט, אַז אִיךְ הָאבּ דָא צוּ טְהוּן מִיט אַפֶּעטֶערְבּוּרְגֶער גֶעבּוירֶענֶעם קְרִיסְט, וָואס עֶר הָאט אִין זַיין לֶעבֶּען נִיט גֶעזֶעהֶען קֵיין יוּדֶען, אַנְדֶערְשׁ וָואלְט עֶר אַזוֹי גְלַייךְ נִיט אָנְגֶעפַאלֶען אויף יוּדֶען, וָוארוּם דִי לַייטִישֶׁע קְרִיסְטֶען וֶועלְכֶע הָאבֶּען זִיךְ אויךְ גֶעפוּנֶען אִין וַואגָאן הָאבֶּען וֶועגֶען יוּדֶען גֶערֶעדְט וִוי פוּן מֶענְשֶׁען, אָהְן כַּעס, וַויל זֵיי הָאבֶּען אַמָאהְל גֶעוָואהְנְט צְווִישֶׁען יוּדֶען אוּנ זֵיי גוּט גֶעקֶענְט.

— מִיר רוּסֶען הָאבֶּען לִיעבּ אַלֶע נַאצְיֶעס פוּן דֶער וֶועלְט, הָאט דֶער זֶעלְבֶּער קְרִיסְט וַוייטֶער גֶערֶעדְט מִיט כַּעַס, נאָר אָט דִי רוּסִישֶׁע יוּדֶען אִיז נִיט אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען.

— זָאגְט נִיט „מִיר רוּסֶען" זָאגְט „אִיךְ יוּדֶע", הָאבֶּען אַיינִיגֶע קְרִיסְטֶען בַּאמֶערְקְט

— פאַר וואָס זענט איהר אין כּעס אויף יודען? האָב איך געפרעגט דעם בייזען [ה]ויסט.

— וואָס הייסט פאַר וואָס? ווער האָט דען ליעב יודען? ווי אַזוי קען מען זיי ליעב [ה]אָבען? ווער קען זיי ניט אַז זיי זענען מאַשענניקים, שאַכער מאַכערס א. ד. ג.? ער האָט [א]יסגערעכענט אַלאַנג צעטיל פונקט ווי אין אַפּערעדאַוואַיאַ סטאַטיאַ אין „נאָוואָיע [וו]רעמיאַ".

— פון וואַנען ווייסט איהר אַז יודען זענען אַזוי שעדליך? איהר קענט דען יודען? איהר [ה]אָט געלעבט צווישען יודען?

— מען דאַרף גאָר ניט קענען יודען. אַלע ווייסען וואָס פאַר אַ שעדליכע נאַציאָנ[עד]ען זענען.

איך האָב געזעהן אַז איך האָב דאָ ניט מיט וועמען צו רעדען ווייטער, האָב [א]יך זעהר געוואָלט אויפהערען דאָס געשפרעך, נאָר ער האָט געוואַרט פון מיר איך זאָל [א]יך עפּעס זאָגען; און אום עס זאָל ווערען איין ענדע האָב איך איהם געזאָגט:

— איך וועל געהען שווערען אַז איהר שרייבט ניט אויס קיין אַנדערע צייטונג [ו]אַר „נאָוואָיע וורעמיאַ", אַנדערש וואָלט איהר מיט אַזאַ כּעס ניט גערעדט וועגען יודען.

— זענט איהר אפשר אַ יוד? האָט ער אָנגעהויבען מיך חושד צו זיין.

— יאָ, איך בין אַ יוד.

— און איך האָב געמיינט אַז איהר זענט איין אַרמיאַנין, איהר זענט גאָר ניט [ע]פּאַחאָזשע (ענליך) אויף די יודען וואָס זיצען דאָרטען אין ווינקעל...

איין יוד פון ווינקעל האָט באַמערקט ווי מען רעדט עפּיס דאָ פון יודען, ווייל ער האָט געזעהען ווי דער קריסט האָט געוויזען אויף זיי מיט די פינגער, איז ער צו געגאַנגען און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דעם עלענבויגען אויף אונזער בענקעל, ווי איינער וואָס וויל עפּעס הערען.

— וועמען זוכט איהר? האָב איך געפרעגט דעם יודען און געוואָלט ער זאָל אַוועקגעהן, כּדי עס זאָל ווייטער ניט ווערען קיין שטועס מיט דעם קריסטען פון יודען. דער יוד אָבער האָט באַלד אין מיר דערקענט אַז איך בין קיין אַרמיאַנין, האָט ער אָנגעהויבען גלייך אויף יודיש רעדען מיט אַלע יודישע פּאַסטעמקעלעך, מאַכען מיט די האַנד, מיט די פּלייצים.

— איך זוך קיינעם ניט, גאָר ניט, גלאַט אַזוי, איך זעה ווי איער זיצט פון פּעטער־בורג בין איך מיר צוגעגאַנגען, איך זעה ווי איהר רעדט וויל איך הערען.

— פון וואַנען ווייסט איהר אַז איך בין אַ פּעטערבורגער?

— אפשר זענט איהר ניט פון פּעטערבורג, אפשר זענט איהר פון איין אַנדערע [ש]טאָדט, נאָר איהר פאָהרט זיך פון פּעטערבורג, איך פאָהר זיך מיט איך פון דער ערשטער סטאַנציע אָן, אויף דעם פּעטערבורגער וואָקזאַל האָבען מיר זיך ביידע גליין

גְענוּמֶען בִּילֶעטֶען, אִיךְ הָאבּ אַייךְ אַלֵיין גֶעזֶעהֶען, מִיךְ וואוּנְדֶערְט וָואס אִיהְר הָאט פַארְגֶעסֶען, נָאר נִישְׁט קָשֶׁה נִיט, עֶס מַאכְט זִיךְ, מֶען דֶערְזֶעהְט אַמָאל גִיט; נָאר אִין הָאבּ גֶעזֶעהֶען ווִי אַ יוד זִיצְט פוּן פֶּעטֶערְבּוּרְג, בִּין אִיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען עֶפּיס הֶערֶען, וָואס מַאכְט עֶס אַייךְ אוּים, טָאמֶער ווִילְט אִיהְר נִיט, טָאמֶער רֶעדְט אִיהְר מִיט דֶעם אָדָם אַ סוֹד, קֶען אִיךְ מִיר אַװעקְגֶעהְן, אִיךְ בִּין אַ יוד וָואס אִיךְ הָאבּ פַיינְד יֶענֶעם צוּ דֶערְקוּטְשֶׁען, מַה־הִיכָא תֵּיתֵי, יָא—יָא, נִיט—נִיט...

— וָואס זְשֶׁע ווִילְט אִיהְר הֶערֶען פוּן מִיר?

— אִיךְ ווַיים? גְלַאט אַזוֹי, ווִי זָאגְט מֶען אַ יוד פָּאהְרְט פוּן פֶּעטֶערְבּוּרְג זָאל עֶר חָאטְשׁ אַהֵיים מִיטְבְּרֶענְגֶען נַייֶעס, ווִי אַזוֹי דֶערְצֶעהְלְט מֶען נִיט עֶפּיס קֵיין נַייֶעס?

— וָואס זְשֶׁע פַאר אַ נַייֶעס ווִילְט אִיהְר בְּרֶענְגֶען? הָאבּ אִיךְ אִיהְם אַלְץ נִיט פַארְשְׁטַאנֶען.

— אִיךְ ווַיים? נַייֶעס פוּן יוּדֶען, וָואס הֶערְט זִיךְ עֶפּיס מִיט יוּדֶען? וָואס הֶערְט זִיךְ עֶפּיס מִיט יְשׁוּעוֹת וְנֶחָמוֹת אוֹיף יוּדֶען? וָואס וֶועט זַיין מִיט יוּדֶען? וָואס זָאגְט מֶען דָארְט אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג אוֹיף יוּדֶען? מַאלֶע וָואס מֶ׳קֶען קֶען הֶערֶען אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג, פוּן דָארְטֶען גֶעהֶען זִיךְ אַלֶע נַייֶעסֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. פוּן דָארְטֶען גֶעהֶען זִיךְ אַלֶע צַייטוּנְגֶען אוּנ דֶער „מֵלִיץ״ מִיט דֶעם „וָואסְחָאד״ אוֹיךְ.

— אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אַייךְ נִיט, לִיעבֶּער יוד, הָאבּ אִיךְ עֶנְדְלִיךְ גֶעזָאגְט, וָואס ווִילְט אִיהְר אֵייגֶענְטְלִיךְ פוּן מִיר? אִיהְר פָּאהְרְט דָאךְ דַאכְט זִיךְ אוֹיךְ פוּן פֶּעטֶערְבּוּרְג, וָואס זְשֶׁע פְרֶעגְט אִיהְר בַּיי מִיר?

— אוּמְשְׁטֵיינְס גֶעזָאגְט וָואס קֶען אִיךְ ווִיסֶען אֲפִילוּ וֶוען אִיךְ פָּאהְר שׁוֹין פוּן פֶּעטֶערְבּוּרְג? אִיךְ בִּין אַ יוד פוּן זָאק, פוּן ווַייבּ אוּנ קִינְדֶערְלֶעךְ, וואוּ אִיז מִיר גֶעלֶעגֶען אִין קָאפּ זִיךְ צוּ דֶערְפְרֶעגֶען? וואוּ הָאבּ אִיךְ צַייט גֶעהַאט?

— וָואס הֵייסְט אִיהְר זֶענְט אַ יוד פוּן זָאק?

— אִיךְ הַאנְדֶעל מִיט זָאק, פַארְשְׁטֶעהְט אִיהְר מִיךְ, מִיט זָאק הַאנְדֶעל אִיךְ.

— אַזְשׁ קֵיין פֶּעטֶערְבּוּרְג הָאט אִיהְר בֶּעדַארְפְט פָאהְרֶען נָאךְ זָאק?

— פַאר וָואס נִיט, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אֵיין שְׁטָאדְט, פוּן אוּנְז אִיז אֲפִילוּ נָייטְלֶעךְ קֵיין פֶּעטֶערְבּוּרְג? מֶען קֶען אֲפִילוּ גֶעהְנְטֶער קְרִיגֶען זָאק, נָאר מֶען הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג אִיז דִי סְחוֹרָה וָואלְוֶועל, ווַייל אַהִין פָּאהְרֶען ווִינְצִיג יוּדֶען, מֶען לָאזְט אַהִין קֵיין יוּדֶען נִיט אַרַיין, אִיז נִיט דָא וֶוער עֶס זָאל קוֹיפֶען, עֶס אִיז הַאלְבּ אוּמְזִיסְט דַאכְט זִיךְ, הָאבּ אִיךְ זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועזֶען אוּנ בִּין גֶעפָּאהְרֶען, וָואס הָאבּ אִיךְ זִיךְ צוּ שְׁרֶעקֶען פַאר פֶּעטֶערְבּוּרְג? דִי גְרוֹיסֶע גְבִירִים פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, פָּאלְיַאקָאוו אוּנ

גינצבורג וואס דערעהען זיך היינט ארום מיט די מיניסטארען אין די פאלאצען ווי מיר ביי זיך אין בית המדרש, זענען דען ניט געוועזען אזויגע יודען ווי מיר? זיי זענען אויך געפארען גלייך מיט מיר קויפען זאק און ועהט ווי זיי זענען בייך געווארען, ווארום א יוד דארף זיך ניט שרעקען אפילו פאר פעטערבורג אויך ניט, אז זיי גינצבורג מיט פאליאקאוו געמען זיך היינט איבער? נישט קשה, לאם איך נאר קריגען אזוי פיעל געלד ווי זיי וועט איהר זעהען...

— נא, האט איהר פארדיענט געלד אין די פעטערבורגער זאק?

— גראדע ניט, וואס מאכט עס אויס, גראדע דערלעגט עטליכע הונדערט רובעל, וואס מאכט עס? א יוד איז ברוך השם געוואהנט צו דערלעגען, א יוד האט בלויז קיינמאל זיין אייגען געלד ניט. און געלויבט איז גאט איודען פארלאזט ער ניט. נאר, נאר—זייט מיר געזונד, איך דארף שוין געהען נעהמען מיין פעקעל, באלד אויף דער סטאנציע דארף איך אראבקריגען, דא האט מען מיר געזאגט איז דא צו קויפען עטליכע מאות זאק, טאמער וועט חאטש זיין אויף דער הוצאה. זייט מיר געזונד, גאט זאל געבען מיר זאלען הערען ישועות ונחמות אויף יודען!

— פארט געזונד! איך האב אייך געוואלט פרעגען איין זאך, האב איך איהם פארהאלטען, ווי אזוי האט איהר געוואהנט אין פעטערבורג, איהר האט דען א „פראווא זשיטעלסטווא“?

— ניין, געלויבט איז גאט איך האב גאר ניט געוואהנט אין פעטערבורג. וואו האב איך געהאט צו וואהנען?

— די פאליציע האט אייך גאר ניט געטשעפעט?

— געטשעפעט ניט געטשעפעט וואס מאכט עס אויס? געלויבט איז גאט, גאט זאל נאר פאר מיר באשערען גוטע געשעפטען אין פעטערבורג, וואס מאכט אוים פאליציע, וואו טרייבט מען דען ניט דעם יודען? נאר זייט געזונד!

איך האב איהם נאך געוואלט עפעס פרעגען, נאר ער איז שוין פארשוואונדען, מיט זיין אוועקגעהן האב איך זיך ערשט אומגעקוקט וואס טהוט מיין פעטערבורגער שכן וואס איז פריהער אזוי אנגעפאלען אויף יודען און בין פערוואונדערט געווארען צו זעהען אז אין דער צייט וואס איך האב גערעדט מיט דעם יודעל, האט מיין שכן אויסגעטרונקען, אויסצופאקעוען זיין משקהאן און אזוי זיך פאר „כויטען“ אז ער איז שוין געשלאפען. נאר ווען דער קאנדוקטאר האט איהם אויפגעוועקט אויף צו זעהען זיין בילעט האט ער געבארעטשעט אונטער דער נאז: — „אך! זשידי! זשידי!“...

# X.

—אַזוינֶע יוּדֶען אִיז שְׁטֶענְדִיג גוּט, הָאט פְּלוּצִים אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶן אַ צְוֵייטֶער יוּד, וָואס אִיז דִי גַאנְצֶע צַייט גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶעשְׁוִויגֶען, נָאר עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען מִיט אַזאַ שְׁוַואך פַּארמוּטְשֶׁעט קוֹל, וִוי גְלַייךְ עֶר הָאט שׁוֹין דְרַיי טֶאג נִיט גֶעגֶעסֶען.

—וֶועלְכֶע יוּדֶען? הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

—אֶט דֶעם יוּדֶען מִיט וֶועלְכֶען אִיהר הָאט פְרִיהר גֶערֶעדְט, וָואס עֶר אִיז פְרִיהר מִיט אַ סְטַאנְצְיֶע אַרָאבְּגֶעגַאנְגֶען.

—מִיט וָואס אִיז אִיהם אַזוֹי גוּט? עֶר הָאט אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט שֶׁאנֶע עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל אוֹיף הוֹצָאוֹת אוּנ הָאט נָאךְ דֶערלֶעגְט גֶעלְד!

—זֶעהט אִיהר זִיךְ, וִוי דֶער אִיז פָּארְט פְרֶעהלִיךְ, וִוי עֶר לֶעבְּט. עֶר זָארְגְט זִיךְ נִיט, עֶס מַאכְט בַּיי אִיהם נִיט אוֹיס אַז עֶר דֶערלֶעגְט גֶעלְד, עֶס מַאכְט בַּיי אִיהם נִיט אוֹיס וָואס עֶס אִיז שְׁלֶעכְט יוּדֶען, עֶס אִיז בַּיי אִיהם אַלְץ אֵיינְס. „לָאז נָאר גָאטט גֶעבֶּען גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אִין פֶּעטֶערְבּוּרְג" זָאגְט עֶר; מֶע מֶעג מְקַנֵא זַיין אַזאַ יוּדֶען, אַזוינֶער שְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט פַאר „שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען" אוֹיף יוּדֶען, אַלֶעס מַאכְט בַּיי אִיהם נִיט אוֹיס אוּנ עֶר גֶעהט זִיךְ מִיט זַיין וֶועג; אוֹיף דֶעם וֶועג עֶרְוַוארְטֶעט עֶר שְׁטֶענְדִיג פַּארְאוֹיס אַלֶערְלַיי שְׁוֶועריִקַייטֶען, צָרוֹת אוּנ בֶּעשְׁרֶענְקוּנְגֶען אוּנ גֶעהט אוּנ טְרָאגְט דָאס אַלֶעס אִיבֶּער קַאלְטְבְּלִיטִיג. מִיט אֵיין וָוארְט אִיךְ בִּין מְקַנֵא דֶעם יוּדֶען.

עֶר הָאט גֶערֶעדְט מִיט דֶעם גַאנְצֶען כֹּחַ. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעפְרֶעגְט:

—אִיהר זֶענְט נִיט גֶעזוּנְד וָואס אִיהר רֶעדְט אַזוֹי שְׁוַואךְ?

—נֵיין, נָאר אִיךְ בִּין פַּארְמוּטְשֶׁעט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט.

וֶוען אֲפִילוּ עֶר זָאל מִיר נִיט גֶעוֶועזֶען זָאגֶען אַז עֶר פָאהרְט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ אִין אִיהם דֶערְקֶענְט אַז עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט. זַיין שְׁוַוארְצֶער קָאסְטִיוּם מִיט דֶעם פַּארְשְׁנָאלְצֶעוֶועטֶען קָאלְנֶער, זַיין צוּבְּרָאכֶענֶער קַאפֶּעלוּשׁ, זַיין קוּטִיג גֶעפְּרֶעסְט הֶעמְד, זַיין קַאלִירִינְדִיג צֶערִיסֶען הַאלְזְטִיכֶעל קֶען אִיךְ גֶעהֶען שְׁוֶוערֶען הָאט מֶען גֶעווִיס אַרוּמְגֶעטְרָאגֶען אוֹיף דֶעם רִינָאק (טָאלְטְשָׁאק). נָאךְ זַיין גֶעזִיכְט, נָאךְ זַיינֶע קְלֵיידֶער הָאט מֶען גֶעזֶעהֶען אַז דֶער יוּד הָאט נִיט גֶעלֶעבְּט נָאר עֶר הָאט זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אִין דֶער וֶועלְט.

—נִיט אִיךְ אוּנ נִיט מַיינֶע עֶלְטֶערְן זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט גֶעוֶועזֶען אִין דִי גֶעגֶענְדֶען, הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייטֶער דֶערְצֶעהלֶען. מִיר הָאט זִיךְ קֵיין מָאל נִיט גֶעחָלוֹמְט אִיךְ זָאל נָאר אַמָאל פַּארְוָוארְפֶען וֶוערֶען אִין דִי אָרְטֶער. אִיךְ הָאבּ שְׁטֶענְדִיג גֶעוָואהְנְט אִין אַ יוּדִישׁ שְׁטֶעדְטִיל אִין דֶער הֵיימִישֶׁער גוּבֶּערְנְיֶע מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער שְׁטַארְבֶּען נָאךְ עַד

הײם דאָרט פֿאַר הונגער, מײן גאַנץ לעבען האָב איך דאָרט געהאַט אַ קלײטעל פֿון פֿאַרשידענע סחורות, שװער האָב איך מײן גאַנץ לעבען געהאָרעװעט בײ דעם קלײטעל, נאָר װי אַזױ עס איז, מײן שטיקעל ברױט האָב איך געהאַט פֿאַר מײן פֿאַמיליע, איך האָב תּמיד געװאוסט מײן לאַגע אונ די יודישע לאַגע בכלל, איך האָב שטענדיג געלעזען יודישע צײטונגען אונ זיך זעהר אינטערעסירט װאָס געהט פֿאָר מיט יודען בכלל; טרױעריג איז מיר שטענדיג געװעזען אױף דעם האַרצען װען איך פֿלעג באַטראַכטען די יודישע פּרנסות, איך האָב ניט באַדאַרפֿט דאַרױף לײענען גאַזעטען, איך האָב אַ קוק געטהון אױף מײן קלײטיל מיט די עטליכע פּאָליצעס מיט פֿרעמדער סחורה, האָב איך שױן געװאוסט אין װאָס באַשטעהט מײן פּרנסה. נאָר איך האָב געהאָרעװעט, אונ װי אַזױ עס איז האָב איך געהאַט דאָס שטיקעל ברױט. נאָר ניט הײנט געדאַכט, מײן קלײטיל האָט מען צוטראָגען אױף שטיקלעך, איך האָב ניט געװאוסט װאָס איך זאָל טהון. אמת אַז פֿון דעם לעצטען װאָס איז נאָך געבליבען, פֿון זיך פֿאַרזעצען אונ פֿאַרקױפֿען װאָס בײ אײן אַלטען בעל־הבית פֿערװעלגערט זיך נאָך, װאָלט איך נאָך געקענט צונױפֿשטעלען אַ קלײטיל אונ דאָס שטיקעל ברױט װאָלט מסתּמא גאָטט באַשערט. דערװײל האָב איך געזעהן װי מען שעט פֿאָהרען קײן פּאַלעסטינאַ, קײן אַמעריקאַ, אַרבײטען ערד; דערצו פֿון דעם לעזען די גאַזעטען בין איך געװעזען גוט בעקאַנט מיט דער גאַנצער עמיגראַציע, איך האָב אַרױסגעזעהן פֿון די גאַזעטען אַז יודען טאָרעבײ זיך נאָך ניט אָראָבפֿאַלען אין גאַנצען, עס געפֿינען זיך נאָך גרױסע יודען װאָס זאָרגען פֿאַר דעם כּלל, אײניגע פֿיהרען אײן חברות צו העלפֿען, אײניגע גיבען דרױף געלד, אײניגע גיבען גוטע עצות װי דאָס יודישע פֿאָלק זאָל זיך פֿיהרען, מע שרײַעט אַז יודען זאָלען אַװעקװאַרפֿען די שװענקליך, די קלײטעלעך אונ זאָלען זיך נעמען צו עהרליבער פֿהיזישער (קאָרפּערליבער) אַרבײט א. ז. װ. א. ז. װ., איך האָב שטענדיג פֿאַרנומען די רײד פֿון אונזערע פֿאָלקס־פֿיהרער, איך בין שטענדיג געװעזען גרײט מיט גרױס פֿערגנײגען אַװעקװאַרפֿען דאָס קלײטיל אונ זיך נעמען צו אַקערבױ אונ נאָך אַזױנע אַרבײטען, נאָר איך בין שױן געזעסען אױף אײן אָרט, האָט זיך ניט געגלוסט מאַכען פֿון אַלעם אַ תּל; װער װײסט צו עס װעט מיר גאָר טראָגען צו קױפֿען אַזױ פֿיעל ערד עס זאָל ברענגען מײן גאַנץ געזינדעל פּרנסה; װען איך זאָל געװעזען האָבען אַזױ פֿיעל געלד דרױף, װאָלט איך געװיס אַזױ געטהון, נאָר איך האָב ניט געהאַט; פֿאַרלאָזען זיך אױף יענעם, אױף הילף, האָב איך תּמיד פֿײנד געהאַט; בױען זיך אַ נײע פּרנסה אױף אַ פֿאַפּירענער בריק, האָב איך זיך ניט געקענט ענטשליסען אַלס פֿאַמיליענפֿאַטער.

נאָר װען אַלע גאַזעטען האָבען אָנגעהױבען קלינגען אַז מע גיט ערד, מע העלפֿט מיט, האָב איך זיך בעטראַכט: אײדער זיך מוטשען פֿאַרקױפֿען אונ פֿאַרזעצען ביז איך װעל צונױפֿשטעלען אַ קלײטעל, ד. ה. װײטער אַ יודישע פּרנסה װאָס שטעהט שטענדיג אױף הינערשע פֿיסלעך, װעל איך זיך שױן בעסער מוטשען, פֿאַרקױפֿען אונ פֿאַרזעצען זיך ביז איך װעל קומען צו אַ שטיקעל ערד, איך זאָל האָבען װאו מײן שטיקעל ברױט

צו פַארהַארעווען. דֶערצוּ מַיינֶע צְוַויי עֶלְטֶערֶע קִינְדֶער וָואלְטֶען מִיר אוֹיךְ גֶעקֶענְט מִיטְהֶעלְפֶען. אִיךְ הָאבּ דָאס בַּאטְרַאכְט עֶרְנְסְט, מִיט מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען הָאבּ אִיךְ זִיךְ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען דֶערְצוּ. אִיךְ הָאבּ פַארקוֹיפְט וָואס אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעהַאט אוּנ גֶעמַאכְט שֶׁאנֶע עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל. אוּנ וְוי תָּמִיד הָאבּ אִיךְ זִיךְ פַיינְד אוֹיף יֶענֶעמְס טוֹבוֹת צוּ פַאר־לָאזֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט מִיט דִי עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל פַארְגֶעסֶען מַיין פַאמִילְיֶע אוּנ פָאהרֶען קַיין אַמֶערִיקָא אָדֶער קַיין פַּאלֶעסְטִינָא. זִיךְ קוֹיפֶען אַ שְׁטִיקֶעל עֶרְד אוּנ וָואס גָאט וֶועט גֶעבֶּען וֶועל אִיךְ זִיךְ בֶּעגְנִיגֶען מִיט מַיין פַאמִילְיֶע בִּיז דִי צַייט וֶועט זִיךְ פַאר־בֶּעסֶערֶען. נָאר דָא הָאט אַבִּיסֶעל מַיין וַוייבּ אוּנ אַבִּיסֶעל קְרוֹבִים, נוּטְעֶ פְרַיינְד, מִיךְ אָנְגֶע־הוֹיבֶּען פוּן אַלֶע זַייטֶען צוּ רַאטְהֶען: וָואס וֶועל אִיךְ מַאכֶען מִיט מַיין בִּיסֶעל גֶעלְד, אוּנ דֶערְצוּ וַויים אִיךְ נִיט וואוּ אוּנ וְוי אַזוֹי צוּ פָאהרֶען, דְרוּם אִיז גְלַייכֶער אִיךְ זָאל דֶערוַוייל אַלֵיין פָאהרֶען צוּ „דִי חֶבְרוֹת“. זַיי וֶועלֶען מִיר מִיטְהֶעלְפֶען מִיט נוּטְעֶ עֵצוֹת, מִיט אַבִּיסֶעל גֶעלְד. אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיךְ גֶעטְרַאכְט, אַז זַיי זֶענֶען אֶפְשַׁר גֶערֶעכְט, אוּנ וִוידֶער אִיךְ לֶעז שְׁטֶענְדִיג יוּדִישֶׁע גַאזֶעטֶען וַויים אִיךְ דָאךְ אַז יוּדֶען זֶענֶען נָאךְ נִיט קַיין עֶלֶענְד פָאלְק, עֶס זֶענֶען דָא גְרוֹיסֶע יוּדֶען וָואס זָארְגֶען פַאר כְּלַל יִשְׂרָאֵל. בְּקִיצוּר אִיךְ בִּין אַלֵיין דֶערְוַוייל אַוֶועקְגֶעפָאהרֶען, אַ בִּיסֶעל פוּן מַיין לֶעצְט גֶעלְד הָאבּ אִיךְ אִיבֶּער־גֶעלָאזְט מַיין פַאמִילְיֶע אוֹיף הוֹצָאוֹת אוּנ דָאס אִיבְּרִיגֶע הָאבּ אִיךְ מִיטְגֶענוּמֶען.

אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעלָאזְט אִין וֶועג, וָואס הָאבּ אִיךְ דָא אָנְצוּוֶוערֶען? „יָא־יָא נַיין־נַיין!“, מִיט דֶעם גֶעדַאנְקֶען בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט וואוּ עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ „דִי חֶבְרוֹת“ אוּנ דִי גְרוֹיסֶע יוּדֶען וָואס זָארְגֶען פַאר דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל. —

דֶער יוּד הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ נִיט גֶעקֶענְט וַוייטֶער רֶעדֶען, דִי לִיפֶּען הָאבֶּען אִיהם זָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיטֶערן, דָאס פָּנִים אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ בְּלַייךְ גֶעוָוארֶען, דִי אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעפִילְט מִיט טְרֶערֶען.

— וַואס אִיז מִיט אַייךְ? הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט דֶערְשְׁרָאקֶען.

— גָאר נִיט, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט, זִיךְ אָבְּגֶעווִישְׁט דִי לִיפֶּען.

— רוּהֶעט אַייךְ אָבּ אַבִּיסֶעל, אִיהר זֶענְט אַזוֹי שְׁוַואךְ, הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעזָאגְט.

— נַיין, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ וַוייטֶער דֶערְצֶעהלְט:

— וְוי אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט הָאבּ אִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַרוּמְגֶעהֶן צוּ אַלֶע גְרוֹיסֶע, צוּ אַלֶע וָואס לָאזֶען זִיךְ הָארֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אַז זַיי זָארְגֶען אוּנ טְהוּעֶן פַאר כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אִיךְ הָאבּ זַיי גֶעוִויזֶען מַיינֶע אַלֶע פַּאפִּירֶען, רֶעקָאמֶענְדַאצְיֶעס, זַיי אוֹיסְדֶערְצֶעהלְט מַיין גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע צוּ וָואס אִיךְ בִּין אַהִין גֶעקוּמֶען אוּנ צוּ הָאבּ אִיךְ דָא עֶפֶּעס צוּ הָאפֶען צוּ נַיין? אַלֶע הָאבֶּען מִיךְ זֶעהר פַיין צוּגֶענוּמֶען, זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ אוֹיסְגֶעהֶארְט, מִיךְ זֶעהר גֶעלוֹיבְּט וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַזוֹי פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסֶען אַוֶועק צוּ וַוארְפֶען דִי יוּדִישֶׁע שֶׁאנְדְלִיכֶע פַּרְנָסוֹת, וָואס דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטְהוּם אוּנ דִי

ידישֶׁע פְּרַאגֶע״ לֵיידֶעט זָעהר דֶערפוּן, און מִיךְ פֶּערְדְרִיסְט אַז זֵיי וֶועלֶען טְהוּן פַאר אַזַא רֶעדֶען ווִי אִיךְ ווִי ווייט זֵיי וֶועלֶען נָאר קֶענֶען טְהוּן, און פוּנְקְט מָארְגֶען זֵייגֶער צֶעהן פְרִיה זָאל אִיךְ קוּמֶען, צוּ דֶעם-זֵייגֶער צְוָועלְף, צוּ דֶעם-צְוַויי, צוּ דֶעם-פִיעֶר א. ז. וו. וֶועל אִיךְ בֶּעקוּמֶען אֵיין עֶנְטְפֶער וָואס אִיךְ הָאבּ דָא צוּ טְהוּן. פוּלל מִיט פְרֵייד, גְלִיקְלִיכֶער פוּן אַלֶע גְלִיקְלִיכֶע בִּין אִיךְ גֶעוֶועזֶען פוּן זַייעֶרֶע רֵייד, פוּן זֵייעֶר מִיטְפִיהלֶען, מִיטְהעלְפֶען. סְטַייטְשׁ אַזוינֶע לֵייט וָואס לָאזֶען זִיךְ קְלִינְגֶען אִין דֶער גַאנְצֶער יוּדִישֶׁער וֶועלְט, הָאבֶּען מִיט מִיר אַזוי פְרֵיינְדְלִיךְ גֶערֶעדְט און פַארְזִיכֶערְט! אַזַא פְרֶעהלִיכֶען בְּרִיעף הָאבּ אִיךְ בַּאלְד אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט מַיין ווַייבּ און פַארְזִיכֶערְט אַז נִיט מֶעהר ווִי אִין עֶטְלִיכֶע טָאג אַרוּם וֶועל אִיךְ ווִיסֶען „יָא״ אָדֶער „נֵיין״. זִי הָאט מִיר אוֹיף דֶעם בְּרִיעף גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז זִי הָאט זִיךְ מִיט דֶער בְּשׂוֹרָה דֶערְפְרֵייעט מֶעהר ווִי אִיךְ און אִיךְ זָאל אִיהר שִׁיקֶען הוּנְדֶערְט רוּבֶּל אוֹיף הוֹצָאוֹת... נָאר לָאם זִיךְ אַייךְ עֶנְדִיגֶען... אִיךְ בִּין נִיט אִים שְׁטַאנְד אַ סַךְ דָא צוּ רֶעדֶען... אִיךְ וֶועל עֶנְדִיגֶען אִין צְוַויי וֶוערְטֶער... צְוַויי יָאהר מִיט זֶעקְס חֳדָשִׁים הָאבּ אִיךְ זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט, און אִיצְט פָאהר אִיךְ אַהֵיים ווִי אִיהר זֶעהט מִיךְ, אָהן אַ גְרָאשֶׁען אִין קֶעשֶׁענֶע, נָאר מִיט דֶעם שְׁוַוארְצֶען קָאסְטִיוּם וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעקוֹיפְט פַאר אַ יְהוּדִ׳ עֶן בַּיי אַ טָאטֶער פַאר צְוַויי רוּבֶּל מִיט פוּפְצִיג קָאפֶּעקְס מִיט אַ שְׁלֵיפְקֶעל פַאר צְוַאנְצִיג קָאפּ׳, מִיט אַ פָּאר לַאקִירְטֶע פַארִיזֶער שְׁטִיפֶעלֶעטֶען פַאר פִינְף און צְוַאנְצִיג קָאפֶּעקְס, דֶערְצוּ מִיט אַ מָאגֶען קַאטַאר, מִיט פַאר דַארְטֶע קִישְׁקֶעס, מִיט אַ קָאפְּ מִיט אוֹיסְגֶעקְרָאכֶענֶע הָאר, קְרַאנְק הַאלְבּ טוֹיט, פַארְמוּטְשֶׁעט פוּן קֶעלְט און פוּן הוּנְגֶער, אָט מִיט וָואס אִיךְ פָאהר אַהֵיים פוּן דִי צְוַויי יָאהר זַיין אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט.

— וָואס זָאגְט אִיהר? ! הָאבּ אִיךְ זִיךְ אָנְגֶעכַאפְּט בַּיים קָאפּ, צְוַויי יָאהר מִיט זֶעקְס חֳדָשִׁים! ...

— יָא, צְוַויי יָאהר מִיט זֶעקְס חֳדָשִׁים — דָאס אִיז אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין טָעוּת גֶעמַאכְט. טוֹיזֶענְד מָאל מִיט טוֹיזֶענְד נָאכְט!

— וָואס הָאט אִיהר גֶעטְהוּן אַזַא צַייט?

— אִיךְ בִּין אַלְץ גֶעוֶועזֶען פַארְנוּמֶען מִיט דִי „ווִידִיטֶען״ וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט דִי „גְרוֹיסֶע לַייט״, טָאג זֶענֶען אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען וָואס אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעזֶעהֶען זֵייעֶרֶע פָּאר־טְיֶערֶען מִיט דִי שְׁווייצַארֶען, ווִי אַלֶע טָאג הָאבֶּען מִיר דִי שְׁווייצַארֶען אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִיךְ זָאל קוּמֶען מָארְגֶען פוּנְקְט זֵייגֶער צֶעהן פְרִיה, און וֶוען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין יָא גֶעהַאט דִי זְכִיָה אִיךְ זָאל אַמָאל טְרֶעפֶען פוּנְקְט זֵייגֶער צֶעהן, און גֶערֶעכֶענְט, אַז דָא וֶועל אִיךְ שׁוֹין ווִיסֶען יָא אָדֶער נֵיין — וָואס מֵיינְט אִיהר הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט פוּן דֶעם נַייעֶם ווִיזִיט? זֵיי הָאבֶּען מִיר נָאךְ מֶעהר פֶערְזִיכֶערְט און נָאךְ שֶׁענֶער צוּ גֶענוּמֶען, מֶעהר צוּגֶעזָאגְט אַז „בַּאלְד, בַּאלְד״ און אִיךְ בִּין נָאךְ מֶעהר פוּן זֵיי אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען פוּל פְרֵייד און מִיט נִיטֶער הָאפְנוּנְג, נָאךְ אַ פְרֶעהלִיכֶערֶען בְּרִיעף גֶעשְׁרִיבֶּען מַיין פְרוֹי — און וָואס אִיז

געוועזען ווייטער? וועט איהר פרעגען – פונקט דאס אייגענע! אזוי איז אוועקגעגאנגען א גאנץ יאהר, עס איז געקומען דערצו אז איך האב זיך געבעטען ביי זיי ווי ביי א גזלן: האט רחמנות אויף מיר און זאגט מיר ענדליך „יא – ניין"; „אז איהר האט שוין געווארט אזוי פיעל ווארט נאך אביסעל" האבען זיי מיר געענטפערט און ניט אבגעזאגט: „מארגען פונקט פופצעהן מינוט אויף עלף וועל איך זיין צו הויזע וועט איהר שוין האבען א ריכטיגע תשובה". און פארשטעהט זיך אז ניט איין „פונקט פופצעהן מינוט אויף עלף" איז אוועקגעגאנגען, עס האט זיך אנגעהויבען פאר מיר ווייטער „א געהעניש". צו איינעם וואס האט מיך אזוי פארזיבערט צום צוואנציגסטען מאל איך זאל נאך „אביסעלע צווארטען", אז ווען איך בין געקומען, האט ער פלוצים אנגעהויבען מיר גאר אזוי פרעגען:

– וואס וועט איהר עפעס זאגען?

– סטייטש, איהר האט מיך ניט דערקענט? איך בין דאך דער יוד וואס בין געקומען דא זוכען איין עהרליכע פרנסה, האב איך געענטפערט און שטארק זיך פארוואונדערט וואס ער האט מיך ניט דערקענט.

– פערצייהעט, איהר זענט מיר דאכט זיך עפעס יא בעקאנט, נאר איך געדענק ניט אקוראט וואו איך האב אייך געזעהען.

און ווען איך האב איהם דערמאנט אז איך בין שוין אמאל דרייסיג געוועזען ביי איהם און ער האט מיר אזוי שטארק צוגעזאגט און „פערזיבערט" פאר מיר צוזאגען, האט ער מיך הונדערט מאל געבעטען איך זאל איהם „פערצייהען", האט גענומען ביי מיר די האנד און מיך באשווארען איך זאל מארגען נעברעמענא קומען „פונקט צעהן מינוט אויף צוויי" וועל איך שוין האבען א ריכטיגע תשובה. פארשטעהט זיך אז די שבועה מיט וועלכער ער האט מיך באשווארען האב איך ווי איין עהרליכער יוד מקיים געוועזען און... און האב ווייטער פריהר צוואנציג מאל גערעדט מיט דעם שווייצאר און צוואנציג מאל אנגעקוקט די מארמארנע פיגור וואס שטעהט ביים פאדיעזד איידער איך האב דערלעבט זעהן מיין „צוזאגער". בקיצור עס איז געקומען דערצו אז פון מיין געלד האב איך שוין ניט געהאט א גראשען, א מהייל האב איך אוועקגעשיקט מיין פרוי און קינדער און דאס איבריגע איז ביי מיר אוועקגעגאנגען אויף טרוקען ברויט איך זאל אלע טאג האבען כח איבערצוגעהן די גרויסע לאנגע גאסען, אנצוקוקען די פאדיעזדען און רעדען מיט די שווייצארען. עס איז געקומען דערצו אז איך בין שוין געגאנגען אין צוויי שאנדליכע קליידער, איך האב שוין געהאט אזא פנים אז איך האב שוין גאר ניט געקענט אריינגעהן און רעדען מיט א מענשען ווען אפילו זיי זאלען מיך שוין יא געוועזען צונעמען אלע טאג; עס איז געקומען דערצו, זאג איך אייך, אז איך האב שוין מיין גאנצען אוועקגעמאכט מיט די האנד אויף די אלע „יודישע פאלקספערזארגערס מיט זייער פיין־גענומען", מיט זייער „פריינדליך אויסהערען", מיט זייער „צו זאגען און

פַארְזִיכֶערוּנְגֶען", אוּנ הָאבּ גֶעוָואלְט אַוֶועקְפָאהרֶען אַהֵיים; נָאר אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט גֶעהַאט מִיט וָואס, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעטֶען בַּיי זַיי מֶעהר נִיט נָאר זַיי זָאלֶען מִיר גֶעבֶּען חָאטְשׁ אוֹיף הוֹצָאוֹת אִיךְ זָאל דָארְט בַּיי זַיי אִין שְׁטָאדְט פַאר הוּנְגֶער נִיט שְׁטַארְבֶּען, הָאבֶּען זַיי מִיר אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען קוּמֶען מָארְגֶען פּוּנְקְט צְוַואנְצִיג מִינוּט אוֹיף 12. אִיךְ בִּין עֶטְלִיכֶע מָארְגֶענְס „פִּינְקְטְלִיךְ" גֶעוֶועזֶען אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט וִוי מִיט אַלֶע פְרִיהֶערִיגֶע „פּוּנְקְט צֶעהן מִינוּט אוֹיף 2". אִיךְ הָאבּ עֶנְדְלִיךְ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ זַיין פִּינְקְטְלִיךְ אוּנ בִּין נָאר טֶאג מִיט נָאכְט אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶעטְרַאכְט וואוּ נֶעמְט מֶען גֶעלְד אוֹיף אַ בִּילֶעט אִיךְ זָאל קֶענֶען חָאטְשׁ קוּמֶען אַהֵיים. אַז מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער זָאלֶען חָאטְשׁ ווִיסֶען אַז אִיךְ לֶעבּ. אִיךְ הָאבּ אִיהר שׁוֹין לַאנְג נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוֹיף אִיהרֶע בְּרִיעף – וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט עֶנְטְפֶערִין אוּנ שְׁרַייבֶּען?... זִי וֶועט דֶען פַארְשְׁטֶעהן, זִי וֶועט דֶען גְלוֹיבֶּען? קֶען זִי דֶען פַארְשְׁטֶעהֶען דִי גְרוֹיסֶע לייט מִיט זֵייעֶרֶע „פִּינְקְטְלִיכְקֵייטֶען" מִיט זֵייעֶר „פְרַיינְדְלִיכְקֵייט" אוּנ „צוּזָאגֶען"?

– עֶטְלִיכֶע חֳדָשִׁים, הָאט דֶער יוּד ווַייטֶער דֶערְצֶעהלְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ גְלַאט אַזוֹי אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט, אוֹיסְגֶעמֶאסְטֶען אַמָאל טוֹיזֶענְד אַלֶע גַאסֶען אוּנ בְּרִיקֶען, אִיבֶּערְגֶעזֶעסֶען אוֹיף אַלֶע בֶּענְקְלֶעךְ פוּן דִי גֶארְטְנֶער אוּנ גֶעשְׁטָארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער טוֹיזֶענְד מָאל, אֵיין גָאט ווֵייסְט וָואס עֶס וָואלְט פוּן מִיר גֶעוָוארֶען!... נָאר פְּלוּצִים גֶעה אִיךְ אַזוֹי אוֹיף דֶעם „פְּרִיסְבַּאן" אוּנ בְּלָאנְקֶע זִיךְ אַרוּם וִוי תָּמִיד אוּנ טְרַאכְט מִיר בְּאמֶער וֶועט זִיךְ מִיר מַאכֶען פַאר פִּינְף קָאפּ' פַארְטְרָאגֶען עֶפִּיס אַקְלוּמֶעק, וִוי עֶס פְלֶעגְט זִיךְ מִיר אַמָאל אִין אַכְט טָאג מַאכֶען, פְלֶעג אִיךְ זִיךְ חָאטְשׁ קוֹיפֶען בְּרוֹיט; אִיךְ גֶעה אַזוֹי צְוִוישֶׁען דִי קְלֵייטֶען וואוּ מֶען פַארְקוֹיפְט זָאק אוּנ צוּ מַיין גְרוֹיס פְרֵייד בַּאגֶעגֶען אִיךְ מַיין בֶּן־עִיר ר' חַיִּים בֵּיילֶע רַאסְקֶעס, וִוי עֶר לוֹיפְט אִין אֵיין אַיילֶענִישׁ אִיבֶּער דִי קְלֵייטֶען.

– וָואס מַאכְט אִיהר עֶפִּיס ר' חַיִּים, וָואס טְהוּט אִיהר דָא? הָאבּ אִיךְ אִיהם אָנְגֶעשְׁטֶעלְט. עֶר הָאט זִיךְ אִין מִיר אַיינְגֶעקוּקְט אוּנ מִיךְ דֶערְקֶענְט.

– זֶעה נָאר וֶועמֶען אִיךְ טְרֶעף דָא! הָאט עֶר זִיךְ פַארְוואוּנְדֶערְט, שִׁיעֶר שִׁיעֶר הָאבּ אִיךְ דִיךְ גָאר נִיט דֶערְקֶענְט אוּנ עֶס אִיז טַאקֶע שְׁוֶוערְלִיךְ, זֶעה נָאר וָואס פַאר אַ דַייטְשׁ דוּ בִּיזְט גֶעוָוארֶען, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין בַּאלְד גָאר מוֹרָא צוּצוּגֶעהֶען צוּ דִיר, אַזַא גְרוֹיסֶער דַייטְשׁ בִּיזְט דוּ גֶעוָוארֶען אוּנ וִוי מֶען דֶערְצֶעהלְט בַּיי אוּנְז אִיז שְׁטֶעדְטִיל, פַארְנֶעמְסְט דוּ זִיךְ גָאר הַיינְט מִיט דִי גְרֶעסְטֶע לַייט פוּן דֶער וֶועלְט. דַיין בֵּיילֶע לֵאָה הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיךְ זָאל זִיךְ דָא מִיט דִיר זֶעהֶען אוּנ „אִיבֶּערְרֶעדֶען", נָאר אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט אוּנ הָאבּ אַלֶעס גֶעזֶעהֶען הָאבּ אִיךְ בַּאטְרַאכְט: וֶוער ווַייסְט אוֹיף וָואס פַאר אַהוֹיכֶען עֶטַאזְשׁ דוּ וָואהנְסְט שׁוֹין הַיינְט אוּנ קוּמְסְט אוּנְטֶער דִי גְרֶעסְטֶע לַייט? וֶוער ווַייסְט צוּ דוּ וֶועסְט שׁוֹין נָאר וֶועלֶען רֶעדֶען מִיט דַיין חַיִּים בֵּיילֶע רַאסְקֶעס מִיט וֶועלְכֶען דוּ פְלֶעגְסְט אַמָאל טְרִינְקֶען אַבִּיסֶל יָאהרְצַייט־בְּרָאנְפֶען, גֶעדֶענְקְסְט דוּ! גֶעדֶענְקְסְט דוּ דִי יָאהרֶען!..

– וָואס הָארְט זִיךְ עֶפֶּים אִין דֶער הֵיים ? וָואס טְהוּט מַיין וַוייבּ, מַיינֶע קִינְדֶער אוּנ מַיין עֶלְטֶערֶער זוּהְן חַיִים יוֹסִיל ? בִּין אִיךְ אִיהם אַריינְגֶעפַאלֶען אִין דִי רַייד.

– אַזוֹי, אַזוֹי, דִיר שְׁטֶעהְט נָאךְ אָן אוֹיסצוּפְרֶעגֶען אוֹיף אוּנְזֶער שְׁטֶאדְטִיל, שֶׁעכְּסְם זִיךְ נָאךְ נִיט מִיט אוּנְז ? אַזוֹי הָאבּ אִיךְ דִיךְ לִיעבּ ! עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶערוּקְט צוּ מִיר גֶעהְנְטֶער אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען מִיט מִיר פּוּנְקְט וִוי דֶער אַמָאלִיגֶער חַיִים בֵּיילֶע רַאסֶעם, אוּנ דֶערְמָאנְט זִיךְ אַז אִיךְ פְּלֶעג אִיהְם נִיט עֶרְצֶען.

– אִיךְ פְרֶעג דִיךְ וָואס טְהוּ מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, מַיין זוּהְן ?

– אוֹי וֶוען דוּ זָאלְסְט וִויסֶען וָואס עֶס טְהוּט זִיךְ אִיצְט אִין שְׁטֶאדְטִיל וֶועגֶען דִיר, וָואס דַיין בֵּיילֶע לֵאָה זָאגְט אוֹיף דִיר ! מֶען דֶערְצֶעהְלְט אַז אָן דַיין בֵּיילֶע לֵאָה'ן הָאסְט דוּ שׁוֹין גָאר פַארְגֶעסֶען, אַז עֶס פַּאסְט דִיר שׁוֹין גָאר נִיט אַזַא בֵּיילֶע לֵאָה, אַז דוּ דַארְפְסְט שׁוֹין גָאר הָאבֶּען אַדַאמֶע אוּנ אַז דוּ הָאסְט זִיךְ גָאר פַארְלִיעבְּט אִין אַגֶענֶערַאלְס אַטָאכְטֶער (נִיט קֵיין יוּדִישׁ קִינְד) אוּנ ווִילְלְסְט גָאר פַאר אִיהְר חֲתוּנָה הָאבֶּען, אוּנ דוּ פָּאהְרְסְט אַרוּם מִיט אִיהְר אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג אִיבֶּער אַללֶע שֶׁאנְסְטֶע גַאסֶען פוּן דֶער שְׁטָאדְט אוּנ בֵּיילֶע לֵאָה'ן ווִילְסְט דוּ אֲפִילוּ קֵיין גֵט נִיט גֶעבֶּען, דוּ ווִילְסְט זִי לָאזֶען אַיין עֲגוּנָה, אוּנ בֵּיילֶע לֵאָה ווִילְל אַרוּמְפָאהְרֶען צְווִישֶׁען דִי גְרוֹיסֶע רַבָּנִים זֵיי זָאלֶען זִי מַתִּיר מַאכֶען, בְּקִיצוּר מֶען זָאגְט אַסַךְ, אִיךְ וֶועל דִיר נָאךְ דֶערְצֶעהְלֶען.

– נָא אוּנ דוּ חַיִים גְלוֹיבְּסְט אוֹיף מִיר אַזוֹינֶע זַאכֶען ? – פְּרֶעג אִיךְ אִיהְם.

– דָארְטֶען הָאבּ אִיךְ טַאקֶע נִיט אַזוֹי גֶעגְלוֹיבְּט אוּנ הָאבּ מִיר גֶעטְרַאכְט אוּנ זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט: מַאלֶע וָואס עֶס קֶען זִיךְ מַאכֶען מִיט אַמֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט, נָאר אִיצְטֶער אַז אִיךְ זֶעה דִיךְ אַזוֹי אָנְגֶעטְהוּן פְּרִיצִישׁ־דַייטְשׁ אֲפִילוּ אָהְן פֵּאוֹת, פַאר וָואסְ־זֶשֶׁע זָאל אִיךְ נִיט גְלוֹיבֶּען – מַאלֶע וָואס עֶס קֶען זִיךְ מַאכֶען מִיט אַמֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט !

עֶר הָאט זִיךְ פְּלוּצִים אוֹיף אַמִינוּט פַארְטְרַאכְט אוּנ דֶערְנָאךְ עֶרְנְסְט גֶעפְרֶעגְט:

– זָאג מִיר נָאר אַבְרָהָם'ל, הֵייסְט דוּ נָאךְ אַבְרָהָם'ל ? – בִּיזְט דוּ נָאךְ אַיוּד ?

– וָואס פְּרֶעגְסְט דוּ מִיךְ אַזוֹינֶע נַארִישְׁקֵייטֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט דוּ מַאכְסְט לֵיצָנוּת, ווִי פַּאלְט דִיר אַיין אַזַא נַארִישְׁקֵייט אוֹיף מִיר ?

חַיִים הָאט זִיךְ אוֹיף דֶעם גֶעזִיכְט גָאר אִיבֶּערְגֶעבִּיטֶען.

– אִיךְ – לֵיצָנוּת? חַס וְשָׁלוֹם, שְׁפֶּעטֶען פוּן אַיוּדֶען ? לָאז מִיךְ גָאט אָבְּהִיטֶען! זָעהְר שֵׁאן, זֶעהְר שֵׁאן וָואס דוּ בִּיזְט נָאךְ אַיוּד, עֶס פְרֵייט מִיךְ אַוַדָאי אוּנ אַוַדְאַי אוּנ דַייז בֵּיילָא לֵאָה וֶועט זִיךְ גָאר מְחַיֶה זַיין אַז זִי וֶועט דֶערְהֶערֶען אַז דוּ בִּיזְט נָאךְ אַיוּד.

– עֶס אִיז מִיר גָאר קֵיין מָאל נִיט אַיינְגֶעפַאלֶען אוּנ עֶס קֶען מִיר גָאר קֵיין מָאל נִיט אַיינְפַאלֶען אַזוֹינֶע זַאכֶען.

– נָא אויב אַזוי קוּמְט זִיךְ דִיר, אַבְרָהָם'ל, שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם (עֶר הָאט מִיר דֶערְלַאנְגְט דִי הַאנְד) אוּנ דֶערְצֶעהל מִיר וָואס מַאכְסְט דוּ עֶפֶּעס, ווִי גֶעהְט עֶס דִיר אוּנ פַאר וָואס לָאזְט דוּ זִיךְ נִיט הֶערֶען אוּנ שְׁרַייבְּסְט אֲפִילוּ נִיט דַיין וַוייבּ ?

מִיט מַיין פַארְבִּיטֶערְט הַארְץ, מִיט אויגֶען פוּל אָנְגֶעגָאסֶען מִיט טְהרֶערֶען, הָאבּ אִיךְ דֶעם יוּדֶען פוּן דִי זָעק אויסְפִּיהְרְלִיךְ דֶערְצֶעהלְט מַיין שְׁרֶעקְלִיכֶע לַאגֶע. עֶר אִיז זֶעהְר דֶערְשְׁרָאקֶען גֶעוָוארֶען פוּן מַיין גֶעשִׁיכְטֶע, עֶר אִיז שְׁטַארְק טְרוֹירִיג גֶעוָוארֶען אוּנ זִיךְ עֶרְנְסְט פַארְטְרַאכְט, נָאר נִיט אויף לַאנְג, בַּאלְד הָאט עֶר זִיךְ אַ חַאפּ גֶעטְהוּן ווִי פוּן אַ שְׁוֶוערֶען שְׁלָאף אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען דֶער שְׁטֶענְדִיגֶער פְרֶעהלִיכֶער ר' חַיִּים בַּיילָא רַאסֶעס.

– נָא, הָאט עֶר מִיךְ אַרוּמְגֶענוּמֶען – זָארְגֶען אִיז נִיט דָא וָואס, עֶס זֶענִין שְׁלֶעכְטֶע צַייטֶען פַאר יוּדֶען וָואס זָאל מֶען טְהוּן, גָאט וֶועט יוּדֶען נִיט פַארְלָאזֶען אוּנ וֶועט זַיי מוּזֶען הֶעלְפֶען, נָאר אֵיידֶער גָאט וֶועט הֶעלְפֶען לָאמִיר דֶערְוַוייל אָט דָא אַרַיין אִין דֶעם טְרַאקְטִירֶעל מִיט דֶער רוֹיטֶער ווִיוֶועסְקֶע, דָארְטֶען אִיז דָא אַבִּיסֶעל בְּרָאנְפֶּען צְוַוי אוּנ אַבְצִיג גְרַאד, פ"ב הַייסְט עֶס אויף יוּדִישׁ, אַזַא בִּיסֶל בְּרַאנְפֶּען וֶועסְט דוּ נִיט גֶעפִינֶען אֲפִילוּ בַּיי אוּנְזֶער אוּנְטֶער-שַׁמָּשׁ אִין זַיין שַׁאפֶּעקֶעלִי אִין גְרוֹיסֶען בֵּית הַמִּדְרָשׁ אוּנ בַּיי מִיר אִין קְלוּמִיקֶעל אִיז עֶפֶּעס אויךְ דָא.

מִיר זֶענִין אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, עֶר הָאט אויפְגֶעבּוּנְדֶען זַיין קְלוּמִיקֶעל, אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ הֶערִינְג, אַקַאלְט שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, אַ גְרוֹיסֶען שַׁבָּת'דִיגֶען קוֹילִיטְשׁ, דֶערְצוּ הָאט עֶר גֶעהַייסֶען גֶעבֶּען אַבִּיסֶעל בְּרַאנְפֶּען אוּנ דֶערְנָאךְ אַגְלָאז בִּיער. עֶס אִיז מִיר לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אִין דִי אויגֶען, עֶס אִיז מִיר גֶעוָוארֶען אַבִּיסֶעל וַוארִימֶער, אִיךְ הָאבּ גֶעפִּיהלְט ווִי אִיךְ בִּין אויפְגֶעלֶעבְּט גֶעוָוארֶען, עֶס הָאט זִיךְ מִיר אויסְגֶעווִיזֶען אִיךְ הָאבּ בֶּעקוּמֶען נַייֶע קְרֶעפְטֶען צוּ הָארֶעוֶוען פַאר מַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער; נָאר ווִי קוּמְט מֶען צוּ זַיי ? – ווִי קוּמְט מֶען אַ הַיים ?

– הֶער נָאר אוֹיס אַבְרָהָם'ל, הָאט עֶר וַוייטֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען – לְמָשָׁל אַ שְׁטֵייגֶער וֶוען גָאט זָאל גֶעוֶועזֶען מַאכֶען אַזוי, אִיךְ זָאל דָא גֶעוֶועזֶען עֶפֶּעס פַארְדִיענֶען אִין דִי זָאק, וָואלְט אִיךְ דִיר נִיט נָאר אויסְגֶעלִיהֶען אויף הוֹצָאוֹת, נָאר אֲפִילוּ אויף אַ נַייֶעם יוּדִישֶׁען מַלְבּוּשׁ, מֶען זָאל דִיר דָארְט נִיט נָאכְלוֹיפֶען ווִי אַקָאמֶעדִיאַנְטְשִׁיק. נָאר אַזוי ווִי גָאט הָאט גֶעפִיהרְט אַז אִיךְ הָאבּ נָאר דֶערְלֶעגְט גֶעלְד, מִסְתָּמָא ווִיל עֶר זִיךְ אַזוי, וֶועל אִיךְ דִיר נָאר אויסְלַייהֶען אויף אַבִּילֶעט, אִין מַיין קְלוּמִיקֶעל אִיז אויךְ נָאךְ דָא ב"ה קוֹילִיטְשׁ מִיט הֶערִינְג אוּנ שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע וָואכֶען וֶועל אִיךְ זַיין אִין דֶער הַיים וֶועל אִיךְ יֶעדֶען דֶערְצֶעהלֶען אַז חַס וְשָׁלוֹם נִיט אִיבֶּער קֵיין שְׁלֶעכְטִיקַייט הָאסְט דוּ אָנְגֶעטְהוּן דַייטְשֶׁע מַלְבּוּשִׁים; מִיר וֶועט מֶען גְלוֹיבֶּען אוּנ דוּ וֶועסְט נִיט לַיידֶען קֵיין אוּמְזִיסְטִיגֶע בִּזְיוֹנוֹת.

* *
*

— סְטַאנְצְיֶע פ—ו ,הָאט דֶער קָאנְדוּקְטָאר אִיבֶּערְגֶעבְּלָאזֶן דֶעם יוּנְגְנס טְרוֹיעֶרִיגֶע עֶרְצֶעהלוּנְג .

אוֹיף דֶער סְטַאנְצְיֶע הָאבּ אִיךְ שׁוֹין לַאנְג אַרוֹיסְגֶעקוּקְט, וַוייל עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועזֶען אַרוּם צְוֵויי אַזֵייגֶער בַּיי נַאכְט, אִין מוֹיל הָאט שׁוֹין גוּט גֶעטְרִיקֶענְט אוּנ דָא שְׁטֶעהְט מֶען גַאנְצֶע צְוַואנְצִיג מִינוּט, וואוּ מֶען קֶען גַאנְץ רוּהִיג אָפְּטְרִינְקֶען טְרִינְקֶע

אַרַיינְגֶעהֶענְדִיג אִין בּוּפֶעט מִיט דֶעם יוּדֶען, הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן ווִי דֶער זְשַאנְדַארְם צוּזַאמֶען מִיט דֶעם קָאנְדוּקְטָאר הָאבֶּען גֶעפִיהְרְט מַיין עֶרְשְׁטֶען פַּאסַאזְשִׁיר ווִי אַחָזָן אוּנְטֶער דִי אָרֶעם, גְלַייךְ אִין וַואגְזַאל אַרַיין .

—וָואס שְׁלֶעפְּט אִיהְר מִיךְ! אַךְ זְשִׁידִי!... זְשִׁידִי!... הָאט עֶר הַאלְבּ פַּארְשְׁלָאפֶענְדִיג גֶעבַּארְמָאטְשֶׁעט אוּנְטֶער דֶער נָאז ,

—אַייעֶר בִּילֶעט הָאט זִיךְ גֶעעֶנְדִיגְט אִין פ—ו אוּנ אִיהְר הָאט פַארְשְׁלָאפֶען, הָאט אִיהְם דֶער קָאנְדוּקְטָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט .

— גְזָשָׁארְט וַואס וְסֶיעךְ פָּאבֶּערִי, אַיי! טְשֶׁעלָאוֶועק, דַאוַואִי וָואדְקִי!..

XI.

דֶער עֶרְשְׁטֶער... דֶער צְוֵוייטֶער ... דֶער דְרִיטֶער קְלוּנְג אוּנ אִיךְ בִּין וַוייטֶער אִין וַואגָאן . ווִי מִיר הָאבֶּען נָאר אוֹיסגֶעפֶעהְלְט דִי סְטַאנְצְיֶע פ—ו הָאבּ אִיךְ זִיךְ אוֹיף אַ בֶּאנְקֶעל פַאר צְוֵויי פֶּערְזָאן אוֹיסְגֶעמָאסְטֶעט זֶעהְר גוּט, אוּנ בִּין גֶעשְׁמַאק אַנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען. אִין וַואגָאן, הָאטְשׁ עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען נִיט וֶוענִיג פַּאסַאזְשִׁירֶען, אִיז פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען גֶעוֶועזֶען שְׁטִיל, נָאר דָאס גֶערוּישׁ פוּן דִי רֶעדֶער הָאט אַזוֹי גוּט פַארְווִיגְט אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט ווִי דִי נַאכְט אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען. עֶס הָאבֶּען זִיךְ מִיר גֶעחָלוֹמְט פֶערְשִׁידֶענֶע חֲלוֹמוֹת, אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן אִין חָלוֹם דֶעם „יוּדֶען פוּן דִי זָאק”, דֶעם יוּדִישֶׁען אוּמְגְלִיקְלִיכֶען עֶמִיגְרַאנְט” מִיט זַיין גַאנְצֶער טְרוֹיעֶרִיגֶער גֶעשִׁיכְטֶע, ווִי עֶר אִיז אַרוּמְגֶעגַאנְגֶען נָאךְ טוֹבוֹת צוּ דִי „יוּדִישֶׁע פָאלְקְסְפֶערְזָארְגֶערְס” מִיט זֵייעֶר „נִי זָאגֶען” אוּנ „שְׁפֶּאן אוֹיפְנֶעמֶען” אוּנ מִיט זֵייעֶר „פִּינְקְטְלִיכְקֵייט”. אִין חָלוֹם זֶענֶען מִיר דִי אַלֶע „יוּדִישֶׁע פָאלְקְס-פֶערְזָארְגֶער” גֶעוֶועזֶען אַזוֹי קָאנְטְלִיךְ! אַזוֹי קָאנְטְלִיךְ! ווִי גְלַייךְ אִיךְ הָאבּ זֵיי עֶרְשְׁט נֶעכְטֶען גֶעזֶעהֶן נִיט בַּחֲלוֹם, נָאר בְּהָקִיץ...

דִי חֲלוֹמוֹת הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע מָאל גֶעבִּיטֶען אִין פֶערְשִׁידֶענֶע קַארְטִינֶעס אוּנ אִין גֶעשְׁטַאלְטֶען. נַאטִירְלִיךְ הָאבּ אִיךְ אֲפִילוּ נִיט גֶעוואוּסְט צוּ פָאהְר אִיךְ אִין וַואגָאן, צוּ שְׁלָאף אִיךְ אוֹיף אַיין וַואגָאן-בֶּאנְקֶעל אוּנְטֶערְגֶעבֶּעט מִיט אַזוֹמֶער פַאלְטָא אוּנ מִיט :

האַרטען לעדערנעם משׁעמאָדאַן צוזאַמענס. פּלוצים ווען עס האָט זיך מיר אָנגעהויבען חלומען נאַגוטמער חלום, האָר איך ווי מען שטאָכט און מען שלאָגט מיך פון אַלע זייטען, מען שרייט איבער מיר ווי גלייך איך האָב יענעם געקוילעט. איך כאַפּ זיך אויף, איך ריב קוים אויס די אויגען און זעה שוין ניט קיין חלום, נאָר איין אמת: — אין וואַגאָן זענען שוין ניט דאָ די פריהעריגע פּאַסאַזשירען, נאָר עפּעס צוויי אָדער דריי קריסטען וואָס זענען געפאָהרען מיט מיר פון פּעטערבורג. זיי זענען געלעגען אויף זייערע באַנקלעך, אַמהייל פון די איבעריגע בענקלעך זענען געוועזען פאַרנומען מיט יודען. זיי האָבען געהערט, געשריען און געפילדערט אַז איך האָב אַהאַלב וואָרט ניט געהאָרט, נאָר געבען מיר זענען געשטאַנען עפּעס צוויי יודען מיט אייזערנע קלומקעס און פולע זאַק אין די הענד, און האָבען געשטופּט אויף מיר די קלומקעס מיט די זאַק; דאָ האָבען זיי מיר דערלאַנגט אין דער זייט, דאָ אין די פּיס, און חוץ דעם האָבען זיי אויף מיר געשריען: זייט זשע מוחל ר' קרוב, זעהט נאָר ווי ער האָט זיך צולעגט ווי אַ פּריץ, וואָס קוקט איהר אַן? זייט זיך אַביסעל מטריח, איך בין אַזאַ פּריץ גלייך מיט אייך, איך צאָהל געלד גלייך מיט אייך.

איך האָב זיך אויפגעזעצט, אויסגעריבען נאָך אַמאָל די אויגען און אַקוק געטהון, האָב איך געזעהן ווי מיר זענען שוין באַלד נעבען דינאַבורג, ד. ה. מיר זענען שוין אַריינגעפאָהרען אין דער „טשערטאַ" וואו יודען מעגען שוין זאַ...

אַז איך בין שוין אין דער „טשערטאַ" האָב איך זיך דערוואוסט דורך די אויפפירונגען פון די נייע פּאַסאַזשירען, דער בעסטער סימן אַז איך האָב קיין טעות...

איך האָב זיך אפילו געוואָלט אויסמענה'ן מיט די צוויי יודען און מיט דער יודענע וועלכע האָבען מיר געטהון ווי צום טויט און ניט געלאָזט לעבען, נאָר איך האָב זיך דאָ דערמאָנט אַז איך בין אויך אַיוד און געפינ זיך איצט אין דער ענגער טשערטאַ, מוז איך ליידען, מוז איך זיצען אַביסעל ענגלעך. די צוויי יודען מיט דער יודענע און נאָך מעהר זייערע קלומקעס מיט זאַק האָבען מיך שיער דערקוועטשט און איך האָב געשוויגען און געליטען ווי איין עהרליכער יוד שווייגט פון דעם יודישען גלות.

מיין פריהעריגער אומגליקליכער יודישער עבירנאַט איז שוין ניט געוועזען אין דעם וואַגאָן, געוויס האָט מען איהם דאָ אַזוי צוגעקוועטשט אַז ער איז אַנטלאָפען זיך זוכען אַגראַמער אָרט אין איין אַנדער וואַגאָן. די איבעריגע צוויי דריי קריסטען זענען האַלב פאַרשלאָפענע געזעסען און האָבען זיך געקריגט מיט די יודען, איבער וואָס איז ניט שווער געוועזען צו טרעפען.

די קריסטען האָבען געשריען:

— ווי זשידי!

און די יודען האָבען געשריען:

— מי טאָקע פּאַנע יאַק ווי, מי פּלאַטים דענגי יאַק ווי!

מִיט אֵיין וָוארְט, פוּן דִי קְרִיסְטְּען הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אַ גַאנְצֶען לייטְאַרְטִיקֶעל פוּן „נָאוָואיֶע וְורֶעמְיַא“, אוּנ פוּן דִי יוּדֶען אַ פֶּערֶעדָאוואיַא סְטַאטְיַא פוּן „וָואסְחָאד“ אִין וֶועלְכֶע עֶר מַאכְט אַ תֵּל פוּן דֶער „נָאוָואיֶע וְורֶעמְיַא“. דֶער קְרִיעג אִין וַואגָאן הָאט זִיךְ נִיט גֶעעֶנְדִיגְט וִוי עֶס עֶנְדִיגְט זִיךְ נִיט דֶער קְרִיעג פוּן דֶעם „וָואסְחָאד“ מִיט דֶער „נָאוָואיֶע וְורֶעמְיַא“ עֶט קָאמְפּ..

הֶערֶען אַזוֹינֶע לַייטְאַרְטִיקְלֶען, זִיצֶענְדִיג אִין גְרוֹיס עֶנְגְשַׁאפְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ אָבְּגֶעמוּטְשֶׁעט נָאךְ אַזוֹי אַ הַאלְבֶּען טָאג בִּיז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קַיין ווילְנָא.

אוֹיף דֶער אַכְסַנְיָא בִּין אִיךְ גְלַייךְ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען שְׁלָאפֶען וִוי אַ פַּארְמַאטֶעטֶער. אִין דֶער פְרִיה וֶוען אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט, הָאבֶּען מִיךְ מַיינֶע צוּבְּרָאכֶענֶע קְרִיזְשֶׁעס דָאס צְוֵויטֶע מָאל הֶערְמָאנְט אַז אִיךְ בִּין אִין דֶער „טְשֶׁערְטַא“....

דֶער טָאג אִיז גֶעוֶועזֶען פְרַייטָאג, אִיךְ הָאבּ זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען צוּ בְּלַייבֶּען אוֹיף שַׁבָּת אִין ווִילְנָא. וָואס מְהוּט אַ יוּד פְרַייטָאג אִין אַזַא גְרוֹיסֶער יוּדִישֶׁער שְׁטָאדְט וִוי ווִילְנָא? — פַארְשְׁטֶעהט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אוֹיךְ אוֹיפְגֶעפִיהרְט וִוי אַלֶע יוּדֶען אִים פְרַייטָאג — גֶעגַאנְגֶען אִין מֶרְחָץ, דָארְט הָט מֶען מִיר צוּגֶעשְׁטֶעלְט אַ נַאקֶעטֶען יוּדִישֶׁען בַּאנְשְׁטְשִׁיק וֶועלְכֶער הָאט מִיר דֶערְצֶעהלְט אַ סַךְ נַייֶעס פוּן דֶער שְׁטָאדְט, נָאר אִיךְ הָאבּ דָארְט ווִינְצִיג גֶעקֶענְט הֶערֶען, עֶר אָבֶּער הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט דֶערְצֶעהלֶען, בְּקִיצוּר אִיךְ הָאבּ זִיךְ גוּט אָבְּגֶעבָּאדֶען, לְכָבוֹד שַׁבָּת, בַּאצָאהלְט דֶעם בָּאדֶער פַאר אַלֶעם אוּנ בִּין זִיךְ בְּשָׁלוֹם צוּרִיק אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער אַכְסַנְיָא.

עֶס אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דֶער גַאנְצֶער טָאג פְרַייטָאג אוּנ דֶער הֵיילִיגֶער שַׁבָּת אוֹיךְ. זוּנְטָאג צֶעהן אַ זֵייגֶער פְרִיה הָאבּ אִיךְ בַּאדַארְפְט פָאהרֶען, שַׁבָּת'צוּנַאכְטְס הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַיינְגֶעפַּאקְט אוּנ זִיךְ זֶעהר שְׁפֶּעט גֶעלֶעגְט שְׁלָאפֶען.

אִין דֶער פְרִיה פּוּנְקְט זִיבֶּען דֶעם זֵייגֶער הֶער אִיךְ וִוי מֶע קְלַאפְּט שְׁטַארְק בַּיי מִיר אִין דֶער טְהִיר. אִיךְ ווִיל אוֹיפְשְׁטֶעהן, אִיךְ ווִיל אוֹיפְמַאכֶען דִי אוֹיגֶען, נָאר אִיךְ קֶען נִיט, אַזוֹי גֶעשְׁמַאק בִּין אִיךְ גֶעשְׁלָאפֶען, נָאר מֶע הָאט אַזוֹי שְׁטַארְק גֶעקְלַאפְּט אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַרָאבְּגֶעחַאפְּט וִוי אַיין אָבְּגֶעבְּרִיהטֶער אוּנ אוֹיפְגֶעמַאכְט דִי טְהִיר.

— אַ גוּט מָארְגֶען אַייךְ, הָאט זִיךְ אַרַיינְגֶערוּקְט אַ יוּד מִיט אַ בְּרֵייטֶער בָּארְד, מִיט לַאנְגֶע פֵּאוֹת מִיט אַ שֶׁאן בַּייכֶעל אוּנ מִיט אַ גַארְטֶעל. אִיךְ הָאבּ אִיהם אָנְגֶענוּמֶען פַאר עֶפֶּעס אַ רָב אָדֶער אַזוֹי עֶפֶּעס אַ שֶׁאנֶעם יוּדֶען פוּן דִי „כְּלֵי קוֹדֶש“. אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל מִיר הוּנְדֶערְט מָאל מוֹחֵל זַיין וָואס עֶר זֶעהט מִיךְ אִין אַזַא קָאסְטִיוּם, אוּנ אִיהם צוּגֶערוּקְט אַ בֶּאנְקֶעל אוּנ גֶעבֶּעטֶען זִיצֶען. —

— נִישְׁט קָשֶׁה, נִישְׁט קָשֶׁה, אִיךְ קֶען שְׁטֶעהן!... אוּנ אִיז שַׁאקֶע גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהן אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גֶעוָואלְט זֶעצֶען

וואס וועט איהר עפעס זאגען? האב איך איהם געפרעגט.

— איהר פרעגט מיך נאך וואס איך וועל זאגען? אליין ווייסט איהר ניט, איהר האט מיך ניט דערקענט?...

איך האב איהם פערוואונדערט אנגעקוקט און פארט ניט דערקענט. איך האב נאר געמאכט מיט די האנד ווי איינער וואס איז שטארק פערוואונדערט.

— מיך וואונדערט וואס איהר האט מיך ניט דערקענט, האט ער זיך ווייטער אנגערופען — ערשט עהער-נעכטען האבען מיר אזוי פיעל גערעדט און איצט דערקענט איהר מיך גאר ניט?! דאס ארט מיך ניט, נאר מיר קומט נאך פון אייך... איהר האט מיר ניט בעצאהלט אין גאנצען...

— ווער זענט איהר? און וואס פאר א געשעפטען האב איך געהאט מיט אייך, איך זאל אייך ניט בעצאהלען? האב איך איהם געפרעגט.

— ביי אייך איז דאס אפשר ניט אזא געשעפט. איהר זענט אפשר א גרויסער גביר, נאר איך בין איין ארעמער יוד, דאס איז מיין געשעפט און מיין פרנסה, איך לעב דערפון מיט ווייב און קינדער, ביי מיר איז יעדע קאפיקע טייער, איך פארדיען שווער מיין ברויט — איהר האט מיך ניט דערקענט, נאר דאס ארט מיך ניט, איה פאל ביי זיך חס ושלום ניט אראב, נאר באצאהלט מיר, זייט אזוי גוט.

— נאר ווער ענדליך זענט איהר? און פאר וואס קומט אייך געלד? — האב איך העכער אנגעהויבען רעדען ווייל איך האב זיך ניט געפיהלט איך זאל אין ווילנא צווישען חס ושלום ניט באצאהלען. —

— איך בין אייער שמייסער, איך האב אייך געשמיסען.

— וואס הייסט מיין שמייסער? האב איך אין אנהויב ניט פארשטאנען.

— נאך דערקענט איהר מיך ניט? איך האב אייך געוואשען און געשמיסען. מיר האבען אזוי פיעל גערעדט און איצט האט איהר מיך ניט דערקענט?

— איהר זענט א באנשטשיק, ווילט איהר זאגען. דאכט זיך איך האב פאר אללעם דעם באדער בעצאהלט און פאר אייך אויך איבערגעלאזט צוואנציג קאפיקעס.

— לאז זיין אויף אייער לשון „א באנשטשיק" ווי איהר ווילט, נאר פאר דער זייף וואס איהר האט זיך געהייסען געבען פאר פינף קאפיקעס האט איהר ניט באצאהלט, דאס פארדיענסט פון דער זייף געהערט צו מיר, איך האב געמיינט אז איהר וועט פאר דער זייף אויך באצאהלען, נאר פאר נאכט האט מיר דער באדער געזאגט אז איהר האט נאר בעצאהלט פאר דער באד און פאר דעם „באנשטשיק", ווי איהר זאגט, און

(הויז-פריינד)

פַאר דֶער זֵייף נִיט. אִיךְ הָאבּ גֶעוָואלְט גֶעהֶען צוּ אַייךְ, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גֶע
שַׁבָּת; שַׁבָּת צוּ נַאכְטְס הָאבּ אִיךְ אַ יוֹרֶען אוֹיף דֶער „פּוֹללֶער וָואךְ“ נִיט גֶעוָ
מָאהֶנֶען קֵיין גֶעלְד, נָאר דֶער מְשָׁרֵת פוּן דֶער אַכְסַנְיָא הָאט מִיר גֶעזָאגְט אַז
פָאהְרְט אַוֶועק הַיינְט זֵייגֶער צֶעהְן, בִּין אִיךְ גֶעקוּמֶען אַבִּיסֶעל פְּרִיהֶער; וָואס
אִיהְר מִיךְ דָא הוֹשֵׁר צוּ זַיין? —

אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען זִיצֶען וִוי אַיינְגֶעגְרָאבֶּען אוּן הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ
צוּ זָאל אִיךְ וֶוערֶען אִין כַּעס אוֹיף אִיהם, צוּ זָאל אִיךְ זִיךְ גָאר צוּלַאכֶען.

— נָאר וִוי אַזוֹי הָאט אִיהְר מִיךְ אָבְּגֶעזוּכְט, וִוי אַזוֹי הַאט אִיהְר מִיךְ דֶערְ
אִיהְר הָאט דָאךְ מִיךְ נָאר גֶעזֶעהֶען אִין אָדָם'ס קְלֵיידֶער?

— חַא, חַא, חַא, וָואס הֵייסְט וִוי אַזוֹי זָאל אִיךְ אַייךְ נִיט דֶערְקֶענֶען?
הָאבֶּען אַזוֹי פִיעל גֶערֶעדְט.

וִוי אַזוֹי הָאט עֶר מִיךְ פָּארְט אָבְּגֶעזוּכְט, הָאבּ אִיךְ זִיךְ טַאקֶע בַּיי אִיה
גֶעקֶענְט דֶערְפְרֶעגֶען. עֶר הָאט נָאר גֶעעֶנְטְפֶערְט: וָואס הֵייסְט וִוי אַזוֹי זָאל אִין
נִיט אָבְּזוּכֶען, הַלְוַאי וָואלְט מִיר נָאר גֶעקוּמֶען פוּן אַייךְ אַ סַךְ.

פַאר זַיין גְרוֹיס בְּרִיָה'שַׁאפְט הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעגֶעבֶּען גַאנְצֶע צֶעהְן קָאפִּיקֶ

עֶר הָאט גָאר נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן מִיט מִיר פַאר גְרוֹיס פְרֵייד
צֶעהְן קָאפִּיקֶעס.

— אַז עֶס אִיז יָא אַזוֹי, ווילל אִיךְ טְרִינְקֶען צוּ אַייךְ לְחַיִים אוּן אַייךְ וִוינְשֶׁען אַ
לִיכְטִיגֶען וֶועג, הָאט עֶר גֶעזָאגְט אוּן מִיט דִי אוֹיגֶען גֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם פְלֶאשֶׁעל
אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶעם טִישׁ.

— עֶס אִיז אָבֶּער נִיט קֵיין בְּרָאנְפֶען.

— עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס, מִיר קֶענֶען טְרִינְקֶען „לְחַיִים“ פוּן אַללֶעם וָואס
זִיךְ — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ חִיטְרֶע גֶעלֶעכְטֶערִיל אוּן נִיט אַרָאבְּלָאזֶענְדִיג דִי
פוּן פְלֶאשֶׁעל, אוּן טַאקִי אַזוֹי רֶעדֶענְדִיג הָאט עֶר אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְט דִי הַאנְד אַ
אַלַיין אָנְגֶעגָאסֶען אִין אַ גְלֶאזֶעל וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיף דֶעם טִישׁ.

— אִיהְר הָאט שׁוֹין דֶען גֶעדַאוֶוענְט? הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

— שׁוֹין לַאנְג מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען מִנְיָן.

— לְחַיִים, הָאט אַ גְלִיקְלִיכֶען וֶועג! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוֹיסְגֶעטְרוּנְקֶען אוּן מִי
אַ מָאהל אָנְגֶעוואוּנְשֶׁען אַ פְרֵילֶען שַׁבָּת'מָארַאן מִיט גְלִיק אוֹיף דֶעם וֶועג אוּן אִיז
פְרֶעהְלִיךְ אוּן גְלִיקְלִיךְ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.